Latayner, Yosef.
Bas Sheva, oder, Dos vinshfingerl: a fantastishe operete in fir akten.
Pshemishl, 1911.

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2004- 1874. 13

**Latayner, Yosef, 1853-1935.**
Bas Sheva, oder, Dos vinshfingerl: a fantastishe operete in fir akten.
Pshemishl: Ferlag fun Amkroyt et Fraynd bukhhandlung, 1911.
67 p. ; 23 cm.
Perl. collection copy bound with: Di shehne Miriam.

1. Yiddish drama.--lcsh
I. Poland-Przemysl

ID: NXYH02-B391 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL: /106077

Reduction ratio X 10.0

# בַּת שֶׁבַע

## אדער דאס ווינשפינגערל

א פאנטאסטישע אפערעטע אין 4 אקטען

פון

**יוסף לאטיינער.**




**AMKRAUT & FREUND**

**Buchhandlung**

**PRZEMYŚL**

**1911.**

# בַּת שֶׁבַע

אָדער

# דָאס וִוינְשְׁפִינְגֶערְל.

אַ פַאנטאַסטישע אָפּערעטע אין 4 אקטען.

פון

## יוסף לאַטיינער.

פערלאַג פון


אמקרויט עט פריינד, בוכהאנדלונג, פשעמישל.

1911.


„БАТЪ-ШЕВА или ДАСЪ ВИНШФИНГЕРЛЪ“
Фантастическая оперетта въ 4-хъ дѣйствіяхъ I. Латейнера.


Главная продажа у Амкраута и Фрайнда, въ Пржемышлѣ.
Гипографія С. Л. Дейтшера, Подгурже-Краковъ.

# בַּת שֶׁבַע

אָדער

# דָאס וִוינְשְׁפִינְגֶערְל.

א פֿאַנטאַסטישע אָפּערעטע אין 4 אַקטען.

פֿון

## יוסף לאטיינער.

פערלאג פון

אמקרויט עט פריינד, בוכהאנדלונג, פשעמישל.

1911.

„БАТЪ-ШЕВА или ДАСЪ ВИНШФИНГЕРЛЪ“
Фантастическая оперетта въ 4-хъ дѣйствіяхъ I. Латейнера.
Главная продажа у Амкраута и Фрайнда, въ Пржемышлѣ.
Типографія С. Л. Дейтшера, Подгурже-Краковъ.

## פערזאנען.

צדוק, א קארגער מאן.

בת שבע, זיין טאכטער.

שלומיאל, צדוקס נעפע.

עזריה, א יונגער העלד.

למך, א אלטער דיענער ביי צדוק'ן.

אבנר, א אלטער גענעראל.

בנימין, א יונגער סאלדאט.

אסתר, זיין געליעבטע.

טייפעל, פון גאלדגרובען.

שעפער, שעפערינען, מיליטער, טייפעל, בויערן, עטצ.





## ערשטער אקט.

(גארטען, לינקס צדוק'ס הויז, רעכטס איין בוים, פאר איהם איינע גראזבאנק, אויף דער ערד זיטצען און ליעגען שעפער און שעפערינען און זינגען).

**קאהר:** זיי אונז געגריסט דו שעהנער פריינדליכער מארגען,
זיי אונז ווילקאמען, דו שעהנער פייערטאג,
(איין פעסטטאג איז היינט
וועג מיט אלע זארגען).

**מענער:** נאר לוסטיג זיין נאר פרעהליך זיין
נאר לוסטיג זיין, לוסטיג זיין (אלע העבען זיך אויף)
(פרעהליך קינדער)
טאנצט נאר אלע מיט אנאנד
פעריאגט פון אייך די שמערצען אלע
א טאג פון פריידע איז דאך היינט. } ביס

(אלע טאנצען אב, אויפטריט עזריה)

**עזריה:** יא מיעף אין זיעזעם הייליגעם שווייגען,
רוהט די וועלט און אטהמעט קוים
און בילדער אוים דעם לעבען שטייגען,
אין דעם שעהנען זיעסען טרוים,
אבער אויך אין דעם טרוים פערשטאלט
ווינקט מיר די שמערצליכע וועהמוטה צו
און אהנע ערבארמען מיט טיעפער געוואלד,
רויבט זי דאס הארץ און שטערט מיר מיינע רוה.

(אויפטריט בת שבע הינטער קוליסען)

**בת שבע:** ווי איין הימלישעם וועזען
ביזט דו מיר ערשיענען,
איך וועהנע מיך יעצט.

איך זעהנע מיך יעצט,
איך זעהנע מיך יעצט נאך דיר.

**עזריה:** עס איז איהרע שטימע
עס איז איהרע שטימע,
עס איז איהרע שטימע, יא זי קומט.

**בת שבע:** מיט דעם ליעבליך געזיכט און ענגעלס מיענען,
זא גוט זא ריין,
זא הימליש שעהן.

**עזריה:** ענדליך ווערדע איך
זי ווידער זעהען,
מיט דעם ליעבליך געזיכס און ענגעלס מיענען,
ענדליך ווערדע איך זי ווידער זעהען.

(נאך דעם ריטארנעל לויפט בת שבע העריין אומארמען זיךביידע).

**בת שבע:** עזריה, מיין עזריה!
**עזריה:** בת שבע, מיינע שבע!
**בת שבע:** אך ווי געליטען האב איך זא שווער
פון קיין פריידען ווייס איך נישט מעהר,
**עזריה:** נון יעצט ביזט דו מיט מיר צוריק,
**ביידע:** אך וועלכעס גליק,
**בת שבע:** ביזט מיין } ביס
**עזריה:** יא דיין }
**בת שבע:** זא, שוועהר
**עזריה:** איך שוועהר
**בת שבע:** ביי גאט!
**ביידע:** ביי גאט!
איך שוועהר דיר אויפ'ס ניי } ביס
עוויגע ליעבע און טרייע }
דיך בעזיטצען איז מיין גאנצעס שטרעבען } ביס
דו אליין ביזט מיין גאנצעס לעבען }



מיין לעבען מאכסטו מיר ליעב און זיעס } ביס
מיין וועלט ביזט דו, מיין פאראדיעס }

**בת שבע:** ווי געוויינט האב איך מיט הייסע טרערען,
**עזריה:** יא (נאך דיר) וואר מיין זעהנען
**בת שבע:** יא נאך דיר, נאך דיר,
**עזריה:** יא נאך דיר, נאך דיר,
**בת שבע:** וואר מיין זעהנען,
**עזריה:** וואר מיין זעהנען,
**ביידע:** ני פון דורכשיידען,
טיילען לייד און פריידען,
אונזער לעבען לאנג,
אין טרייער ליעבע זינד וויר יעצט פעראיינט }
נור צוזאמען בלייבען וויר אונזער לעבען לאנג } פיס
צוזאמען געפיהרט האט אונז ביידע גאט, }
איהם געבען וויר דאפיר אונזער דאנק,
(יא זיין עוויג טריי) יא זיין עוויג טריי } ביס
פיר אונזער גאנצעס לעבען לאנג, }
יא עוויג טריי. (ביידע אב).

(אויפטריט שלומיאל קומט העריין ביי דען לעצטען 4 טאקטען).

**שלומיאל:** האסט געזעהען שלומיאל? וואס דען איך האב נישט געזעהען? נו וואס זאגסט דו שלומיאל? וואס זאל איך זאגען? מיין שכל קען דאס נישט פערשטעהן. מיין כלה בת שבע האט אויסגעביטען מיך איהר חתן שלומיאל, און פאר וועמען? פאר עזריה, פאר איין סאלדאט! איך פרעג דיך בת שבע, איז דאס רעכט אזוי? ערשטענס זענען מיר דאך שוין חתן כלה, נאך פון קליינערהייט אן, וואס אונזערע עלטערן האבען אונז פערקנאסט, איינז פערקנאסט, און צווייטענס בין איך דאך אזא געזונטער עושר, מיט אזוי פיעל שאף, רינדער, אקסען און פערדע, און ערשט צו די אלע בהמות מיין פערשוין אליין? זאל איך זאגען אז ער איז קליגער פון מיר? דאס איז דאך אוודאי א ליעגען! זאל איך זאגען אז... וואס? וואס זאל איך זאגען? ווייסט דו שלומיאל וואס איך

זאג ? בע! א מעדעל איז א מעדעל! איז נישט בת שבע איז מלכה, איז נישט מלכה איז מלכי איז נישט מלכי איז בילקע! שלומיאל, נאר נישט געזארגט, חלילה, עס ערגערט מיך נישט עס פערדריסט מיך נאר !.. ניין שלומיאל, עס דארף דיך נישט פערדריסען, טאקע נישט, עס קרענקט דאך מיך אבער... ניין זאג איך! נא איז נישט, כום שלומיאל, איך גיה! שטעה שלומיאל! איך שטעה!

(אויפטריט צדוק פון הויז)

**צדוק:** שלומיאל ? נאר איינער אליין ? און אזוי פערטיעפט אין געדאנקען ? ווי איז בת שבע ?

**שלומיאל:** פעטער צדוק! איך האב דיר עפים צו זאגען, דערפאר וואס דיין טאכטער בת שבע איז מיין כלה ביזט דו א גאנצע בעל הבית איבער מיינע שאף, רינדער, אקסען, פערד, חמורים און גמלים! ווייסט דו וואס פעטער צדוק? נעם דיר אב דיין טאכטער און גיב מיר אב מיינע בהמות און אוים מחותנים!

**צדוק:** וואס איז דאס פאר א ווערטער ? זאג נאר שלומיאל, האט דיר בת שבע עפים געטהון ?

**שלומיאל:** מיר נישט.

**צדוק:** וועמען דען ?

**שלומיאל:** איהם.

**צדוק:** וועמען ?

**שלומיאל:** דעם סאלדאט עזריה.

**צדוק:** וואס האט זי איהם געטהון ?

**שלומיאל:** א קיש !

**צדוק:** וואס הער איך ?

**שלומיאל:** איך האב עס אי געהערט אי געזעהען! שא! אט קומען די ביידע!

**צדוק:** ש. ש. ש. קום אהער. (פערשטעקען זיך ביידע אונטערן בוים)

(אויפטרים בת שבע, עזריה, זי איהרען קאפף אויף זיינע שולטער).

**בת שבע:** (זינגט) ווי געוויינט האב איך... א. ז. וו. (ווען דער געזאנג איז צו



ענדע געהט צדוק שטיל צו אונטער זיי און שטעקט זיין קאפף אריין צווישען זיי ביידע, זיי ערשרעקען און צערטיילען זיך).

**בת שבע:** פאטער איך וואלט שוין לאנג...

**צדוק:** (בעז) שטיל! מיט דיר וועל איך שוין איין אנדערס מאל רעדען, אצינד וויל איך נאר איין ווארט רעדען מיט דעם העלד (צו עזריה) זאג נאר, הייסט דאס ביי דיר א העלדענטהאט, א קינד שטיק א מיידעל דעם קאפף צו פערדרעהען ? איבערהויפט ווען זי האט שוין א חתן ?

**שלומיאל:** און נאך וואס פאר א חתן ? מיט אזוי פיעל שאף, רינדער און אקסען און...

**צדוק:** שטיל!... (צו עזריה) אזוי בעלוינסט דו אונז פאר אונזערע גאסט פריינדשאפט צו דיר ? דו ביזט פארביי געוואנדערט ווען דו ביזט צוריקגעקאמען פון דער שלאכט פערוואונדעט, ביזט אין אונזער הויז געבליבען ביז דו ביזט ווידער געזונד געווארען...

**בת שבע:** און האט ער דען נישט פיר אלעם בעצאהלט ?

**צדוק:** צו דיר רעד איך נישט!

**שלומיאל:** מיר איז אבער באלד נישט געפעלען, ווען איך פלעג זעהן, ווי זי מיט איהם פלעגען זיך געבען אלע מאל שלום עליכם, און קוקען זיך ביידע אן אזוי ווי צוויי הענער.

**צדוק:** פאר וואס האסט דו עס מיר נישט באלד ערצעהלט ?

**שלומיאל:** וואס האב איך דיר געהאט צו ערצעהלען ? איך האב געמיינט אז עס איז א שפילעכעל, אבער גאר רעכט דיך, אז פון דעם שפילעכעל וועט גאר ארוים א מילעכעל ?

**צדוק:** (צו עזריה) דו שווייגסט ? האסט נישט קיין לשון, הא ? (לאזט זיך צו צו איהם, בת שבע פערשטעלט איהם דעם וועג).

**בת שבע:** פאטער! דו מוסט מיך אנהערען, דער עדלער עזריה וואלט נישט געוואגט זאנאר מיט איין לויט מיר זיין הערץ צו ענטדעקען, ווען איך וואלט איהם נישט צו דעם ערמוטהיגט, יא פאטער, איהם האט דער הימעל מיר צוגעשיקט, איהם האט מיין הארץ אויסערוועהלט איהם וויל איך, זאנסט קיינען!

**שלומיאל:** נו, איז נישט בת שבע איז מלכה, איז נישט מלכה איז מלכה איז נישט מלכה איז בילקע.

**בת שבע:** פאטער אויב דיין איינציגעס קינד איז דיר ליעב...

**צדוק:** נא? זאל איך דיך אוועקשענקען צו א בעטלער?

**עזריה:** (אויפגערעגט) בעטלער?... עס איז וואהר, איך בעזיץ קיין פערמעגען, דערפאר אבער געזונדע שטארקע מוסקעלן, איין אויפריכטיג הארץ און איינען אייזענפעסטען ווילען, צדוק, איך ליעבע דיינע טאכטער און זי ליעבט אויך מיך, גיב זי מיר צור פרוי. מיין גאנצעס לעבען וויל איך נור דאצו ווידמען אום זי גליקליך צו מאכען.

**צדוק:** מיט דעם דלות?

**עזריה:** מיט ליעבע און אויפאפפערונג! צדוק, אויב דו געפינסט ווירקליך אין מיר קיינען אנדערן פעהלער אלס מיינע ארמוטה, אזוי לאז מיך פאר מיינע געליעבטע בת שבע טהון, וואס יעקב אבינו האט איינס פאר זיינער געליעבטע רחל געטהון, מיין שווערד וויל איך אויסטוישען אויף איינען שעפערשטאק! צדוק! דו ווירסט מיט מיר איין גוטעס געשעפט מאכען, דען אזוי איינען שטארקען פלייסיגען מאן און טרייען קנעכט קאנסט דו דיר מיט דיינעם גאנצען געלד נישט קויפען.

**בת שבע:** פאטער!

**עזריה:** זאג יא, און קויף דיר א טרייען ליעבענדען זוהן.

**צדוק:** שלומיאל, געה רוף זיי אלע אהער שנעל. (שלומיאל אב)

**בת שבע:** פאטער, צו וועלכען צוועק?

**צדוק:** וועסט באלד הערען.

**עזריה:** נאר איין ווארט, יא אדער ניין!

(אויפטריט אבנר, בנימין, זינגען איינינע טאקטען הינטער די קוליסען און טרעטען אויף).

**צדוק:** ווער זענען זיי?

**אבנר:** גאט מיט אייך פריינדע, וויר קעהרען עבען צוריק פון שלאכטפעלד אבער פון דעם לאנגען מארש זענען מיר שטארק ערמיעדעט, הונגריג און דורשטיג.

**צדוק:** וואס? שוין ווידער אורחים?

**אבנר:** דארפען מיר בעטען אום איהרע גאסטפריינדשאפט אויף איינע טאג בלויז?



**צדוק:** נישט ביי מיר!

**אבנר:** וויר בעצאהלען.

**צדוק:** נישט ביי מיר! איך פערמאג נישט מעהר ווי איינע טאכטער!

**אבנר:** וואס פלוידערט ער דא פאר איין אונזין?

**בנימין:** מענש, פערוויינערסט דו דיין הויז דיאיעניגען וועלכע האבען איהר בלוט פאר דאס פאטערלאנד פערגאסען?

**צדוק:** ווער האט אייך געבעטען? וואס איז דאס עפיס פאר א מין אנשיקעניש פון לוטער העלדען אויף מיין קאפ? קראנק זענט איהר געוועזען דארט אויף דעם שלאכטפעלד צו שטארבען, דאס איז חלעבען א גאנץ שעהנער טויד!

**בנימין:** (ציהט דעם זעבעל) פערפלוכטער גייצהאלז!

**אבנר:** (האלט איהם צוריק) נו נו יונגע, נור נישט אזוי העפטיג! רוהען וויר איין ביסל אוים, דערנאך געהען וויר ווייטער (זיי זעצען זיך אויף דער גראזבאנק).

(אויפטריט שלומיאל, שעפער).

**ארע:** וואס איז נייעס? וואס איז נייעס?

**צדוק:** קומט אלע אהער, הערט וואס נייעס, דער העלד וויל זיין שווערד אויסטוישען אויף איין שעפערשטאק.

**ארע:** אזוי?

**צדוק:** יא, אויך ער וויל איינער פון מיינע שעפער ווערען.

**אלע:** אזוי?

**צדוק:** יא, דערפאר אבער פערלאנגט ער נאר א קליינינקייט. פאר דער האנד וויל ער ביי מיר נאר די טאכטער צונעהמען, און שפעטער ועט ער שוין זארגען דערפאר ווי אזוי ער זאל מיך צום איברינגען ירשענען (אלע לאכען) דו זעהסט? דו הערסט? דאס איז די אנטווארט אויף דיין פערלאנגען! און יעצט געה!

**עזריה:** צדוק דו האסט וואהל איין רעכט מיר צו ענטפערן ניין, אבער בעליידיגען? ווער האט דיר דערצו איין רעכט געגעבען?

**צדוק:** שטיל די ארימער טייפעל! די זאלסט עס דיר פאר א כבוד רעכענען וואס א רייכער מאן ווי איך, מאכט זיך מיט דיר א שפאס.

**עזריה:** שפאם! אה וואלסט דו נישט געוועזן דער פאטער פון מיינער בת שבע המ... המ... (וויל צו צו איהם).

**צדוק:** (שטאלץ) וואס? (וויל אויך צו).

**בת שבע:** (צווישען זיי) אה פאטער! איך בעט דיך...

**צדוק:** קיין ווארט מעהר! (צייגט אויף שלומיאל) דאס איז דיין חתן, וואס דיין פאטער האט דיר אויסגעקליבען...

**שלומיאל:** פארגעס נישט ווי פיעל שטיקלעך בהמות איך פערמאג, און ווי בין איך אליין? פאלגעשע מיך בת שבע...

**בת שבע:** לאז מיך...

**שלומיאל:** נו, איז נישט בת שבע איז מלכה איז נישט מלכה איז מלכה איז נישט מלכה איז בילקע...

**צדוק:** פון היינט איבער פיער וואכען איז אייער האכצייט אזוי וואהר ווי מיין נאמען איז צדוק! (בת שבע וויינט).

**עזריה:** בת שבע, ליעבסטע דו מיך אויפריכטיג, זא וויינע נישט, לעבע וואהל ווארטע און האפע!

**צדוק:** וואס? האפען? חה חה! הער נאר אוים די ארימער פערליעבטער העלד קענסט דו האפען אז ביז אין פיער וואכען זאלסטו אבער צוריק א פירסט? דעמאלם מעג מיין טאכטער אויף דיר האפען, וואס זאגט איהר אלע?

**אלע:** חה חה!

**שלומיאל:** חה חה, א פיערוואכענדיגער פירסט! חה חה!

**צדוק:** (צו עזריה) נו, וואס נאך שטעהסטו און גלאצט אויף איהר מיט דיינע אויגען? שוין זאלסטו אוים זיין די צייט פון דאנען! נו!?

**עזריה:** איך וויל זעהען ווער עס קאן מיר פערוועהרען דאס פרייע פעלד?!

**צדוק:** פריי? ווער האט עס דיר געזאגט? די ערד אויף וועלכער דו טרעטסט, די איז מיין, דער גאנצער דרויסען וואס דו זעהסט דא, דער איז מיין, ארוים פון מיין דרויסען און אראב פון מיין ערד!

**בת שבע:** אבער נישט אהן מיר! עזריה! וואוהין דו געהסט, געה איך



מיט, דיין בין איך און בלייב עס פיר אימער און עוויג (זי פאלט אויף עזריה'ן).

**צדוק:** (ער רייסט זי וועג פון איהם) למך! פיהר זי אהיים.

**בת שבע:** פאטער!

**צדוק:** אריין אין שטיעב, אז נישט לאז איך דיך בינדען און אהיים טראגען וועג פון מיר! (ער ווארפט זי צו למך).

**למך:** (אכגעהענד מיט איהר) ארמעס קינד, ארמעס קינד, (ביידע אב אין הויז).

**עזריה:** און דער זאל זיין בת שבעס פאטער? ניין! (צו צדוק'ן) אונמענש! זאג, וואו האסטו דאס קינד געשטאהלען?

**צדוק:** (אויפגערעגט צו די שעפער) נו, וואס שטעהט איהר און קוקט? וואס שווייגט איהר פאלשע קנעכט, וואס איהר ווענט? הארט איך גאר נישט וואס אזא שענדליכער בעמלער בעליידיגט אייער ערנעהרער אייער ברויטגעבער? נו, פאלט אלע איבער איהם מיט אייערע שטעקענעס, נו, ריהרט אייך! (אלע שעפער לאזען זיך צו צו איהם).

**אבנר, בנימין:** (לויפ'ן ענטגעגען) צוריק!

**צדוק:** וואס? וואס ווילט איהר? ווער האט נאך אייך געשיקט?

**אבנר:** פפוי! שעהמט אייך דומע בויערן, אזוי פיעל גענגען איינעם? פפוי!

**צדוק:** אבער וואס געהט עס אייך אן? ווענט איהר געקומען אהער מיר געזעצע פארצושרייבען? מיט וועלכעם רעכט?

**בנימין:** (ציהט דעם זעבעל) מיט דעם רעכט, דו לומפיגער נייצהאלז! (צו שעפער) פארט מיט אייך איהר דום בויערן געזינדל, פארט! ווארום לאז איך מיין שווערד איבער אייערע קעפ טאנצען, מארררררש! (אלע ערשראקען, געהען אב).

**צדוק:** (בעז) נו, אויב אזוי, וועל איך מיין ביטער הערץ אויסלאזען צו מיין טאכטערס קאפ, קום שלומיאל, קום שוין, וואס שטעהסטו ווי א ליימערנער גולם?

**שלומיאל:** איך שטעה און קוק וואס דער סוף וועט דא זיין?

**צדוק:** (שלעפט איהם) קום שוין גולם! (ביידע געהן אב).

**למך:** גאנץ גוט האט איהר געטהון, לאנג לעבען זאלט איהר דערפאר. (אב אין הויז).

**עזריה:** קאמעראדען מיינעם בעסטען דאנק (ער רייכט זיי די הענד).

**אבנר, בנימין:** נישט דער רעדע ווערטה.

**עזריה:** מיין נאמען איז עזריה.

**אבנר:** און דער מייניגע איז אבנר.

**עזריה:** און ווער איז דיעזער דא?

**אבנר:** דעם יונגע האב איך אויף דעם קאמפף פלאץ קענען געלערענט, צוואר נאך יונג, אבער בראוו און מוטהיג.

**בנימין:** (פערנייגט זיך) בנימין.

**אבנר:** נון פריינד עזריה, האט דער צופאל אונס אלע צוזאמען געפיהרט אזוי בלייבען מיר אויך פיר ווייטער צוזאמען און אונז איינע היימאטה אויף.

**עזריה:** איין היימאטה? אך! פאר מיר גיבט עס נור איין היימאטה, דא אונטען. (ער צייגט אויף די ערד).

**אבנר:** אבער מיין יונגער פריינד, אזוי מוטהלאז. דאס פאסט נישט פאר א קריעגער.

**בנימין:** (שפעטיש) ווענען א מעדכען אזוי דעם קאפף צו פערליערען?

**עזריה:** אך, וואס פערשטעהט אזוי א קינד ווי דו, פון אזעלכע שמערצען!

**בנימין:** גראדע אזוי גוט ווי דו! אויך מיין הערץ איז שוין פערוואונדעט פון אונגליקליכער ליעבע!

**אבנר:** (שפעטיש) אויך מיר א מענש!

**בנימין:** אך מיין אסתר'ל! וואו ביזטו מיין שעהן אסתר'ל? פארגעם יאהר וואר עס ווען די סירישע רייבערבאנדע איז אונזער שטעדכען איבערפאלען, מיר האבען צוואר די פערפלוכטע היידען באלד פעריאגט, אבער פון מיין געליעבטע אסתר'ל האב איך מעהר קיין שפאר געפונדען, איך וויים נאך ביז היינט נישט וואס פון איהר איז געווארען. (וויינט) אך! מיר איז יעצט וויעדער מיין אלטע וואונדע אויפגעריסען געווארען, וואס איז מיט מיין אסתר'ל געשעהען? וואו איז מיין זיעם טהייער אסתר'ל?

**אבנר:** רוהיג יונגע! רוהיג זאג איך.



**בנימין:** רוהיג, רוהיג, דיר איז לייכט צו זאגען רוהיג, נאטירליך, וואס פערשטעהסט אזוי אן אלטער ברומבער פון אזעלכע שמערצען?

**אבנר:** יא יונגע קינדער, איהר זאלט דאמיט נישט געפרובט ווערען וואס מיר איז פערלארען געגאנגען.

**בנימין:** אויך דיר, וואס? אויך א געליעבטע?

**אבנר:** א געליעבטע, יא א געליעבטע טרייע פרוי און איין איינציגעס קינד, עס איז שאהן מעהר אלס צוואנציג יאהר זייט דאמאלס, אלס דער קריעג האט אויסגעבראכען געגען די ווילדע עמונים, מיין פפליכט אלס סאלדאט האט מיך וועגגערופען ווייט פון מיין היימאטה נאך דעם ווי דער קריעג איז געוועזען געענדיגט, און איך בין וויעדער נאך הויז געקומען, וועה! וואס האב איך געפונען, די גאנצע שטאדט פון די פיינדם הענד פערוויסט, וואו איז מיין פרוי, מיין קינד? געפאנגען אדער געטעטעט? אך! צוואנציג יאהר זענען שאהן זייט דאמאלס פערפלאסען, און ביז היינט וויים איך נישט וואס מיט זיי איז געשעהען? (ווישט זיך די אויגען).

**בנימין:** אך יא, יעדער האט זיך זיין בינטעל צרות.

**אבנר:** דאך גענוג! קינדער, מיר מוזען אונז וואו שיצען, דען מיר בעקומען באלד איין געוויטער, נון עזריה, פאסע דיך, נעם דיר איין ביישפיעל פון מיר.

**בנימין:** און אויך פון מיר (זיפצט).

**עזריה:** געהט פריינדע, איך קום באלד נאך, פיעלייכט וועט מיינע בת שבע נאך איינמאל זיין צו זעהן, צום לעצטען מאל.

**אבנר:** נון, זוכען מיר אונז פאדערהאנד איין פלאטץ וואו אונז צו שיצען, אויפ'ם וויעדערזעהן עזריה. (ביידע אב, שטורם).

**עזריה:** ניין, יא ניין,
איך קאן פון דיעזע שטעלע נישט פארטגעהן,
בת שבע! מיינע בת שבע!
זאל איך דיך ניע וויעדערזעהן,
ניע מעהר דיינע זיסע שטימע הערען (בליטץ),
יא דו פייעריגער בליטץ,

צְוֶועקְלָאז שְׁנֵיידְסְט דוּ דִי לוּפְט,
וַוארוּם צִיעלְסְט נִישְׁט לִיעבֶּער הִיער,
דִיעזֶעם קְוֶועהלֶענְדֶע הֶערְץ, הֶיתְּלָע, טֵייפֶּעל,
אֶהנְמֶעכְטִיג שְׁטֶעה אִיךְ הִיער,
אוּן קְוֶועהלֶע מִיךְ צוּם טוֹידְט,
אַךְ וֶוער הֶעלְפְט מִיר יֶעצְט פוּן דִיעזֶער הֶעלֶען קְוַואהל,
(וֶוער שַׁאפְט מִיר רַאכֶע) רַאכֶע! (דאנער בליטץ).

(דער בוים שפאלט זיך, שפרינגט ארויס טייפעל אלס ציגיינערמעדכען, טאנצט).

**עזריה:** וֶוער בִּיסְטוּ?

**טייפעל:** הָאסְטוּ דֶען קֵיינֶע אוֹיגֶען צוּ זֶעהן וֶוער פַאר דִיר שְׁטֶעהט, אַיין עֶגִיפְּטִישֶׁעס מֶעדְכֶען.

**עזריה:** אוּן וָואס ווִילְסְטוּ?

**טייפעל:** דַיין יָאמֶערְן אוּן קְלָאגֶען הָאבֶּען מִיךְ פֶערְקְלֶעמְט בַּיי מֵיינֶעם הֶערְצֶען, וָואס פֶעהלְט דִיר דֶען, שֶׁעהנֶער יוּנְגֶער הֶערְר? קָאן אִיךְ דִיר פִּיעלֵייכְט הֶעלְפֶען?

**עזריה:** דוּ מִיר הֶעלְפֶען?

**טייפעל:** פִּיעלֵייכְט, דֶען אִיךְ בִּין קֵיין גֶעוֶועהנְלִיכֶעס מֶעדְכֶען, אִיךְ בִּין אַיינֶע צוֹיבֶּער קִינְסְטְלֶערִין.

**עזריה:** אַךְ לָאז מִיךְ מִיט דַיינֶע דוּמְהֵייטֶען (וויל אב).

**טייפעל:** (שטעהט איהם אין וועג) דָאךְ וָואס שַׁאדֶעט עֶס וֶוען דוּ מַאכְסְט מִיט מִיר אַיינֶע פְּרָאבֶּע?

**עזריה:** בִּיזְטוּ אִים שְׁטַאנְדֶע צוּ הַיילֶען דִי קְוַואהלֶען פוּן צֶערְשְׁטֶערְטֶער לִיעבֶּע?

**טייפעל:** נָאךְ וִוי אַזוֹי... אַלְזָא? דוּ הָאסְט אַיינֶע גֶעלִיעבְּטֶע, אוּן דוּ קֶענְסְט זִי נִישְׁט עֶרְרֵייכֶען, וַוייל...

**עזריה:** וַוייל... וַוייל אִיךְ בִּין אָרֶעם.

**טייפעל:** הוּם, הוּם.

**עזריה:** נוּן הָאסְטוּ דַאפִיר אַיין מִיטֶעל?

**טייפעל:** גֶעווִיס!



**עזריה:** לָאז הֶערֶען.

**טייפעל:** פֶערְגֶעס אִין אִיהר, אוּן פֶערְלִיעב דִיךְ אִין מִיר.

**עזריה:** פֶערְפְלוּכְטֶע הֶעקְסֶע! פָארְט!

**טייפעל:** אִיךְ ווִיל דִיר אָבֶּער דָאךְ הֶעלְפֶען, וַוייל אִיךְ הָאבּ מִיךְ אִין דִיר פֶערְלִיעבְּט.

**עזריה:** לָאז מִיךְ!

**טייפעל:** הֶער מִיךְ אוֹיס מֵיין פְרֵיינְד, הָאסְטוּ שׁוֹין אֵיינְמָאל גֶעהֶערְט פוּן אַיין ווִינְשׁ פִינְגֶערְל? אַזוֹי אַיינֶעם בֶּעזִיץ אִיךְ, דַאמִיט קָאנְסְטוּ עֶרְרֵייכֶען אַלֶעס וָואס דוּ ווִינְשְׁט.

**עזריה:** נוּר אַיינֶען אֵיינְצִיגֶען וואוּנְשׁ הָאבּ אִיךְ יֶעצְט.

**טייפעל:** זָאג אִיהם מִיר.

**עזריה:** דַיינֶע פְּטוּר צוּ וֶוערֶען.

**טייפעל:** אַז אִיךְ הָאבּ דִיךְ אָבֶּער פָארְט לִיעבּ, נוּ טְהוּ מִיר עֶפִּיס, אַז אִיךְ ווִיל דִיר פָארְט הֶעלְפֶען, פְּרָאבִּיר דִי קְרַאפְט פוּן דֶעם ווִינְשׁ פִינְגֶערְל, אוּן אִיבֶּערְצֵייגֶע דִיךְ אַלֵיין.

**עזריה:** קָאן אִיךְ נִישְׁט אַנְדֶערְשׁ דַיינֶער לָאז וֶוערֶען? נוּן גוּט צֵייגֶע מִיר דִי קְרַאפְט פוּן דַיין ווִינְשְׁפִינְגֶערְל.

**טייפעל:** וָואס אִיז דַיין וואוּנְשׁ?

**עזריה:** מֵיינֶע גֶעלִיעבְּטֶע צוּ זֶעהן. (עס ווערט פינסטער).

**טייפעל:** שְׁקְלַאוֶוען מֵיינֶער מַאכְט, גֶעהָארְכֶעט מֵיינֶען בֶּעפֶעהל, עֶרְשֵׁיין!
(ערשיינט דאס בילד פון בת שבע, בעטענד).

**עזריה:** בַּת שֶׁבַע, דוּ בִּיזְט עֶס גֶעלִיעבְּטֶע פוּן מֵיין זֶעלֶע (וויל צו צו איהר דאס בילד פערשווינדעט).

**טייפעל:** נוּן יֶעצְט גְלוֹיבְּסְטוּ מִיר שׁוֹין?

**עזריה:** יָא, גִיבּ עֶס מִיר.

**טייפעל:** נָאךְ נִישְׁט, פְרִיהֶער מוּזְטוּ הֶערֶען דִי בֶּעדִינְגוּנְג, ווִיסֶען זָאלְסְטוּ אַז קוֹים הָאסְטוּ דָאס פִינְגֶערְל עֶרְוָוארְבֶּען, קֶענְסְטוּ דִיךְ נִישְׁט מֶעהר דַאפוּן בֶּעפְרֵייעֶן, דוּ וֶועסְט עֶס אַוֶועקְשְׁמֵייסֶען אִין דֶעם טִיעפְסְטֶען

אבגרונד, אדער עס ארייננווארפען אין א ים, און וועסט מיינען דאס דו ביזט דאפון לאז געווארען. ניין מיין פריינד, אימער און אימער וועסטו עס וויעדער געפינען אויף דיין פינגער שטעקען.

**עזריה:** וואס? איך זאל זא וואס אוועקווארפען? אה! ווי מיינע אויגען אין קאפ וועל איך דאס היטען.

**טייפעל:** מיינע פפליכט איז דיך מיט אלדינג בעקאנט צו מאכען בעפאר דו געהסט איין דארויף, זאלסט אויך וויסען, דאס דאמיט פערקויפסטו דיינע זעלע צו איינען טייפעל.

**עזריה:** און זאגאר צו אלע טייפעל דער העלע! גענוג מיט דיינע ווארנונג, לעב איך, וויל איך דאס לעבען גענישען, גיב מיר אהער דיין ווינשפינגערל.

**טייפעל:** נאך נישט, דאס מוזטו ביי מיר קויפען.

**עזריה:** קויפען? איך האב דאך קיין געלד.

**טייפעל:** וויפיעל דו האסט איז גענוג, נאר מערקע דיר גוט מיינע ווערטער נאר איין איינציג מיטעל איז פערהאנדען אז דו וועסט דיך אמאל וועלען דאפון לאז ווערען, אום דיך צו רעטען מוזטו איין אנדערען פערדערבען.

**עזריה:** ווי מיינסטו דאס?

**טייפעל:** דו זאלסט עס וויעדער איינעם אנדערען פערקויפען, אבער נור פיר די העלפטע פון דעם פרייז וואס עס האט דיך געקאסטעט. וויפיעל געלד האסטו?

**עזריה:** (נעמט ארויס פון בייטעל) אכט פרוטות.

**טייפעל:** אזוי קאנסטו עס איינעם אנדערען נאר פאר פיער פרוטות פערקויפען, אלזא, איז דער האנדעל געשלאסען?

**עזריה:** יא, היער האסטו דאס געלד.

**טייפעל:** און היער האסטו דאס ווינשפינגערל (דונער און בליטץ).

**עזריה:** (טהוט עס אפ) זיי מיר ווילקאמען רעטער אין מיינער נאטה.

(ציגיינערמעדכען פערוואנדעלט זיך אין טייפעל).

**עזריה.** אה וועה מיר, ווער ביזטו?

**[illegible]:** פאר וואס אזוי ערשראקען, איך בין דאך דיין רעטער ח ח ח.



**עזריה:** האסט מיך בעטראגען.

**טייפעל:** פראבירע מיך, נון זאג ארויס דיין וואונש.

**עזריה:** גאלד, געבע מיר גאלד, רייכטהום וויל איך, דאס גאנצע רייכטהום פון דער וועלט, ביזטו דאס אים שטאנדע.

**טייפעל:** דיין וואונש איז שוין געשעהן, ערשיין!

---

### פערוואנדלונג.

(צויבערפאלאסט, עלפען מיט גאלד).

**עזריה:** יעצט האב איך מיין ציעל עררייכט,
מיינע ביזטו יעצט געליעבטע בת שבע, ווער וועט מיר יעצט אים וועג שטעהן, טהיילען זאלסטו יעצט מיין גליק מיט מיר, בת שבע, מיינע בת שבע,ווארט איך קום צו דיר.

**כאהר:** נאך איין אפפער, חא חא חא, דומער מענש!

(עס צערפאלען די פעלזען, און מען זעהט מעדכען וועלבע האלטען גרויסע בעכער מיט גאלד געפילט, עס פאלט גאלד רעגען).

### פ א ר ה א נ ג.

ענדע פון דעם ערשטען אקט.





# צווייטער אקט.

(ארראנזשירט ווי דער ערשטער אקט. — שלומיאל, שעפער מיט קרענצע און בלומען).

**כאהר:** מזל טוב, מזל טוב, מזל טוב, מזל טוב,
לאמיר אלע טאנצען, שפרינגען, צור האכצייט היינט.
וועגען מיר געקומען אלע דיינע גוטע פריינד,
שלומיאל און בת שבע מיר ווינשען אייך פיעל גליק,
מזל מיט ברכה ווינשען מיר מיט לאנגע יאהר
שלומיאל און בת שבע מו"ט מו"ט,

**שלומיאל:** מיט מזל זאלט איהר לעבען,
איך דאנק אייך א יעדען,
אבדיענען וועל איך אייך,
טאקע אין פריידען,
אי"ה ביי אייערע קינדער,
אין א גוטער צייט,
מזל טוב, מזל טוב, א. ז. וו. (אב רעכטס אין הויז).

(אויפטריט צדוק, למך).

**צדוק:** נעה ווי אהין איך שיק דיך, אדער האסטו פארגעסען אז דו ביזט נישט מעהר ווי א דיענער ביי מיר? דו וואגסט עס מיר מוסר צו זאגען?

**למך:** און ווען דו זאלסט מיך אויף מיינע אלטע יאהר פון דיין הויז ארויס יאגען, מוז איך דיר נאך איינמאהל זאגען, אז א פאטער קאן נישט זיין אזוי אונבארמהערציג, אונגליקליכע בת שבע! אויף מיינע



הענד ביזטו אויפגעוואקסען, און יעצט מוז איך צוזעהן ווי מען פיהרט דיך צו דער שחיטה, און איך קען דיר נישט העלפען.

**צדוק:** אלטער חמור! וואס איז דא פאר איין אונגליק, וואס איז? ווייל ער איז א נאר? פארקעהרט, בעסער פאר איהר, דען ווען דאס ווייב איז א חכמת און דער מאן א שוטה געהט זי אין ספאדיק און פיהרט איהם ביי דער נאז, וואס נאך פאר א גרעסער גליק קען זיך עס א פרוי ווינשען? הכלל, איך וויל ווייטער פון דיר קיין ווארט הערען, נעה! און זארג דערפאר, אז ביז אין א שטונדע זאל אלעס פערטיג זיין צו דער חופה. (אב)

**למך:** אך! אונגליקליכע בת שבע! (אב)

(בת שבע זעצט זיך שלומיאל בלייבט שטעהן).

**בת שבע:** קום אהער שלומיאל, זעץ דיך נעבען מיר (ער זעטצט זיך) שלומיאל, היינט איז אונזער האכצייט.

**שלומיאל:** יא בת שבע'לע, היינט האבען מיר חתונה אין א מזל'דיגער שעה.

**בת שבע:** ניין שלומיאל, נישט אין א מזל'דיגער שעה, נאר אין א אונגליקליכער שעה אונזער חתונה מאכט אונז ביידע אונגליקליך!

**שלומיאל:** דאס ווייס איך.

**בת שבע:** דו ווייסט עס? נון ווארום?

**שלומיאל:** איך האב שוין א סך מענשען געהערט ווי זיי בעוויינען זיך יא זייערע יאהר וואס זיי האבען חתונה געהאט, א פנים אז דאס גאנצע חתונה האבען איז איין אונגליק, וואס העלפט עס אבער? אזוי איז דער מענש, בעל כרחו געהט ער אויף דער וועלט, בעל כרחו געהט ער אין דער ערד אריין און בעל כרחו געהט ער צו דער חופה, אז מען מוז, מוז מען,

**בת שבע:** ניין שלומיאל, מען מוז נישט ווען מען וויל נישט, דו ביזט דאך איין מאן, איין וואהלהאבענדער מאן מיט פערמעגען...

**שלומיאל:** שאף, רינדער, אקסען און פפערד...

**בת שבע:** יא, יא, איך ווייס שוין... מיט איינעם ווארט, דו ביזט איין

וועלבסשטענדיגער מאן, פון קיינעם אבהענגיג, פאלגליך קען דיך קיינע צווינגען, ווען דו ווילסט נישט

**שלומיאל:** פאר וואס זאל איך אבער נישט וועלען?

**בת שבע:** אוים מיטלייד מיט מיר, שלומיאל, אין דעם הויז ווענען מיר צוזאמען אויפגעוואקסען, נישט וואהר?

**שלומיאל:** יא בת שבע'לע!

**בת שבע:** מיין פאטער איז ליידער א קארגער מענש, און דער גאנצער שידוך מיט דיר, איז נאר צוליעב דיין פערמעגען וואס עס איז דיר בירושה געבליבען, עס זאל אויך ווייטער אין דיינע הענד בלייבען ווי ביז יעצט (וויינט) שלומיאל! ברודער!

**שלומיאל:** (וויינענד) וואס איז בת שבע'לע?

**בת שבע:** ווי א שוועסטער איין ברודער, אזוי האב איך דיך אלעמאל געליעבט, און ווערדע איך אויך ווייטער דיינע טרייע שוועסטער בלייבען.

**שלומיאל:** יא בת שבע'לע.

**בת שבע:** אבער קיינמאל קען איך דיך אלס דיינע פרוי ליעבען, שלומיאל! ערבארעם דיך איבער אונז ביידע!

**שלומיאל:** (וויינענד) וואסזשע זאל איך טהון בת שבע'לע? וואס זאל איך טהון?

**בת שבע:** דו ווייסט דאך אז דער פאטער האט מיך ביז יעצט געהאלטען איינגעשפערט, מיך געמארטערט ביז איך האב מיך געמוזט ערגעבען ווי זיין ווילען, לאזעם אפפער, יעצט הענגט עס נאר אליין פון דיר אב, ציהע דיך צוריק, נאך איז עס צייט, טהו עס ווען דיין לעבען איז דיר ליעב און אויך דאס מיינינע!

**שלומיאל:** געווג בת שבע'לע, גענוג! ווען איך זאל דיר קענען מיין הערץ עפענען וואלסטו געזעהען ווי עס איז צו שמאלצען געווארען, אזוי ווי שאפענע פוטער א קעגען דער הייסער זון! בת שבע'לע! נא דיר מיין האנד תקיעת כף, מיר בלייבען ווי שוועסטער און ברודער און... שוין!

**בת שבע:** גוטע זעלע! גאט זאל דיך דערפאר ווענען, יעצט גיה שנעל



אום מיט דעם פאטער צו שפרעכען דאריבער, אבער שנעל דען די צייט פערגעהט.

**שלומיאל:** איך דארף נישט געהן צו איהם, אט קומט ער צו אונז.

(אויפטריט צדוק).

**צדוק:** אזוי, צוזאמען אונטער פיער אויגען, אזוי איז רעכט.

**שלומיאל:** פעטער צדוק!

**צדוק:** וואס איז דיין בעגעהר חתן דומה למלך?

**שלומיאל:** איך האב דיר צו זאגען צוויי ווערטער.

**צדוק:** אפילו צוואנציג אפילו צוויי הונדערט, איך בין היינט אויפגעלעגט, איך בין א מחותן.

**שלומיאל:** נישט קיין צוואנציג, און נישט קיין צוויי הונדערט, נאר צוויי געציילטע ווערטער.

**צדוק:** אהא! איך ווייס שוין וואס פאר א צוויי ווערטער, דו ווילסט מיר א וודאי זאגען מזל טוב, אהא? געטראפען?

**שלומיאל:** ווי א בלינד פפערד!

**צדוק:** ניין? וואס דען פאר א צוויי ווערטער?

**שלומיאל:** אוים מחותן!

**צדוק:** וואס האסטו געזאגט?

**שלומיאל:** דאס וואס דו האסט געהערט.

**צדוק:** ווילסט דו אויך פון מיר עפים הערען? אבער נאר איין איינציג ווארט?

**צדוק:** הולך!

**שלומיאל:** אויב אזוי? מוז איך דיר שוין אבזאגען א גאנצען פסוק, אזוי, גיב מיר אב מיינע שאף, רינדער, אקסען, פערד, חמורים, גמלים, כסף און בכל מכל כל.

**צדוק:** געבען וועל איך דיר פרעה'ס מכות! דו בן סורר ומורה! איך האב דיך פון קליינערהייט אן אויפגעצויגען, ווייט דו ביזט א יתום געבליבען, דו קאסט מיך פיעל מעהר ווי פיעל דיינע גאנצע ירושה בעטרעפט.

אונ אז דו ווילסט נישט זיין מיין איידעם און דאס פערמעגען זאל בלייבען אין דער משפחה, קריענסט דו גאר נישט... און... הולך!

**שלומיאל:** וואס הייסט הולך? און פון וואנען וועל איך לעבען?

**צדוק:** אז מען קען נישט לעבען, שטארבט מען.

**שלומיאל:** שטארבען?... איך האב מיך בערעכענט, איידער צו שטארבען איז דאך גלייכער חתונה צו האבען, יא?

**צדוק:** אזוינע רעד!

**בת שבע:** (שטיל צו שלומיאל) שלומיאל!

**שלומיאל:** נו זעהסט דו שוין בת שבע׳לע, אז עס קומט אלץ אויס אויף מיינע רייד? בעל ברחו געהט מען אויף דער וועלט בעל ברחו געהט מען אין דער ערד אריין, און בעל ברחו געהט מען חתונה האבען (מען הערט טראמפעטענשאל).

(אויפטריט למך)

**למך:** הערט! הערט נייעס! הערט!

**אלע:** וואס איז געשעהן?

**למך:** דער שעהנער רייכער פאלאסט נישט ווייט פון אונזער דארף, וואס איז ביז יעצט געשטאנען לעהר זייט דער אלטער פעלדמארשאל איז געשטארבען, איז יעצט ווידער בעזעצט געווארען פון איין נייעם פעלדמארשאל מיט דעם גרעסטען רייכטום אין דער וועלט!

**צדוק:** נו וואס איז דא די גדולה? וואס קומט מיר דערפון ארויס?

**למך:** דער יעצטיגער נייער פעלדמארשאל איז פון דעם קעניג צו דער הויכע ראנגע ערהאבען געווארען דורך זיין גרויס רייכטהום, ערשט נעכטען ביי נאכט איז ער אהער געקומען מיט טויזענדער רייטער און פאזשען און צאהלרייכע דיענערשאפט.

**צדוק:** ניע, ניע? וואס־זשע האב איך דערפון?

**למך:** יעצט מארשירט ער מיט א גאנצען אויפצוג גלייך אהער צו אונז.

**צדוק:** צו אונז אהער אין דארף?

**למך:** צו אונזער הויז.

**צדוק:** וואס זאגסטו?



**בת שבע:** וואס זאל דאס בעדייטען? (טראמפעטענשאל).

**למך:** הערט! הערט! דאס איז איהם צו עהרען.

(אויפטריט פאזשען, אפיציערע, עזריה).

**עזריה:** בת שבע!

**בת שבע:** עזריה, אה רעטע מיך עזריה!

**עזריה:** דאס איז דער צוועק פון מיין בעזוך,
ווער קאן דיך מיר ענטרייסען יעצט,
מיינע ביזטו, מיינע געליעבטע ברויט.

**צדוק:** וואס איז דאס, געהט עס דען אין האפעלעך,
וועד ביזטו?

**שלומיאל:** הא! עס איז עזריה דער סאלדאט,
שלום עליכם, שלום עליכם.

**עזריה:** דיין ווארט מוזטו האלטען,
וואס דו האסט דאמאלס אויסגעשפראכען,
אז ווען איך וועל אלס פירסט צו דיר קומען,
ביז אין פיער וואכען גיבסטו מיר דיין קינד.

**כאהר:** דיין ווארט... (ביז) דיין קינד.

**עזריה:** יעצט בין איך שוין געקומען.

**כאהר:** יעצט איז ער שוין געקומען.

**עזריה:** אין דיזען האהען ראנג ווידער געקומען,
צו דיר, זא האלט אויך דו דיין ווארט.

**צדוק:** אויב אזוי איז גאר קיין שאלה,
מז״ט אייך חתן וכלה. (פיהרט זיי צוזאמען).

**כאהר:** מז״ט מז״ט. (טאנץ. אלעס אב).





# פערוואנדלונג.

(צדוק.)

**צדוק:** נו, אַזאַ כָּשֶׁר׳ע מְצִיאָה איז מִיר אַפִילוּ אין חָלוֹם נִישְׁט פָאַרְגֶעקוּמֶען. נִישְׁט אַנְדֶערְשׁ, נָאר עֶר הָאט גֶעפוּנֶען אַנְ׳אוֹצָר! גַאנְץ גֶעווִיס. אַיי, אַיי, אַיי, ווִי אַ מֶענְשׁ איז בֶּעשֶׁערְט אַזאַ גְלִיק, עֶר דַארְף גֶעפוּנֶען אַנְ׳אוֹצָר און אִיךְ נִישְׁט, נָאר ווֶעניגְסְטֶענְס מוּז אִיךְ מִיךְ עֶרְקוּנְדִיגֶען וָואוּ עֶר הָאט דֶעם אוֹצָר גֶעפוּנֶען... אוֹי צָדוֹק! דָאס איז אַ טַייעֶרֶער גֶעדַאנְק, אֶפְשָׁר הָאט עֶר דֶעם אוֹצָר גֶעפוּנֶען אוֹיף מַיין עֶרד, גֶעהֶער דָאךְ דֶער אוֹצָר צוּ מִיר!... כְּלֶעבֶּען אִיךְ הָאבּ רֶעכְט... יָא? ששש. אִיךְ ווֶעל נָאר פְרֶעגֶען דִי דִיענֶערְשַׁאפְט, פוּן זֵיי ווֶעל אִיךְ שׁוֹין אַלְסְדִינְג גֶעוָואהר ווֶערֶען... נו, דָאס ווָאלְט גֶעווֶעהן שֶׁעהֶנֶער ווִי שֶׁעהְן, חַא חַא חַא!

(אײַפּטריט אסתר)

**אסתר:** וָואס איז דַיין בֶּעגֶעהר, פְרֶעמְדֶער?

**צדוק:** פְרֶעמְדֶער? זִי ווַייסְט נָאךְ גֶעבִּיךְ נִישְׁט ווֶער אִיךְ בִּין, און וָואס אַיי־גֶענְטְלִיךְ בִּיזְטוּ?

**אסתר:** אִיךְ? אִיךְ בִּין דָא אַ קַאמֶער־מֶעדְכֶען, מַיין נָאמֶען איז אֶסְתֶּר.

**צדוק:** דוּ, אַ קַאמֶער־מֶעדְכֶען, אֶסְתֶּר, (אפארט) טַאקֶע נִישְׁט קָשֶׁה׳דִיג פוּן אַ פָּנִימֶ׳על!

**אסתר:** און ווֶער בִּיזְטוּ?

**צדוק:** אִיךְ בִּין דֶער שְׁווִיעגֶער־פָאטֶער פוּן דַיין הֶערר, דֶער פֶעלְד־מַארְ־



שַׁאל עֲזַרְיָה! אִיצְט ווַייסְטוּ שׁוֹין, ווֶער ס׳שְׁטֶעהט פַאר דִיר?

**אסתר:** ווַייס אִיךְ. (וויל געהן).

**צדיק:** שְׁטֶעה! אַז דוּ ווַייסְט יָא ווֶער אִיךְ בִּין, נו!

**אסתר:** וָואס נו?

**צדוק:** פַאר וָואס בִּיקְסְטוּ דִיךְ נִישְׁט פַאר מִיר?

**אסתר:** (קוקט איהם אָן) פַאר וָואס קוּמְט עֶס דִיר?

**צדוק:** הֶער נָאר הֶער אַ חוּצְפָּה! פֶערְשְׁטֶעהְסְטוּ דֶען נִישְׁט אַז אִיךְ בִּין דָא אַ גַאנְצֶער בֶּעה־בָּ?

**אסתר:** וָואס׳זֶשׁע גֶעהט עֶס מִיךְ אָן?

**צדוק:** און דוּ בִּיזְט דָא נִישְׁט מֶעהר ווִי אַ דִיענְסְט.

**אסתר:** וָואס׳זֶשׁע גֶעהט עֶס דִיךְ אָן?

**צדוק:** הם... דָאס איז אַנְ׳אַנְטִיקֶעל כְּלֶעבֶּען זִי גֶעפֶעלְט מִיר... זֶעהְסְטוּ אִיךְ בִּין דִיר מוֹחֵל, ווַייל דוּ בִּיזְט אַזוֹי שֶׁעהְן. (וויל איהר א קניפ טהון).

**אסתר:** אוֹיבּ אִיךְ בִּין שֶׁעהְן, בִּין אִיךְ עֶס נִישְׁט פוּן דַיינֶעט ווֶעגֶען.

**צדוק:** אָבֶּער נַארִישׁ קִינְד וָואס דוּ בִּיזְט, דוּ הֶערְסְט דָאךְ ווֶער אִיךְ בִּין? בַּת שֶׁבַע איז מַיין טָאכְטֶער, עֲזַרְיָה איז מַיין אֵיידֶעם און אַלְסְדִינְג וָואס דוּ זֶעהְסְט דָא איז מַיינְס, דֶער פַּאלַאסְט איז מַיינֶער, דִי דִיענֶערְשַׁאפְט זֶענֶען מַיינֶע, אֲפִילוּ דֶער אוֹצָר איז מַיינֶער. דוּ ווַייסְט דָאךְ ווֶעלְכֶען אוֹצָר אִיךְ מֵיין? דֶעם אוֹצָר וָואס עֲזַרְיָה הָאט גֶעפוּנֶען, הַא? צוּ איז דָאס רִיכְטִיג, אַז עֶר הָאט גֶעפוּנֶען אַנְ׳אוֹצָר? יָא?

**אסתר:** קֶען זַיין.

**צדוק:** און ווִי הָאט עֶר עֶס גֶעפוּנֶען, דָאס ווַייסְטוּ דָאךְ אוֹיךְ מִן הַסְתָם? יָא? וָואוּ הָאט עֶר איהם גֶעפוּנֶען?

**אסתר:** דָאס גֶעהט מִיךְ נִישְׁט אָן.

**צדוק:** אָבֶּער אַלְס הוֹיזְמֶענְשׁ ווַייסְטוּ דָאךְ מִן הַסְתָם פוּן אַלְסְדִינְג?

**אסתר:** דָאס גֶעהט דִיךְ נִישְׁט אָן.

**צדוק:** וָואס איז דָאס פַאר אַ... נַיין, אִיךְ קֶען מִיךְ אוֹיף אִיהר נִישְׁט בַּייזֶערְן! אוֹי, איז זִי וואוֹיל...

**אסתר:** פאר וואס שטעהסטו מיר אין וועג? לאז מיך בעסער געהן צו מיין ארבייט!

**צדוק:** הער מיך אוים אסתר׳ל, ווי געזאגט, בין איך דער איינציגער בעל־הבית. וויל איך לעבסטו ווי א פרינצעסין און פערשפארסט גאר צו ארבייטען. וויל איך אבער, ליעגסטו שוין אין דרויסען און שטארבסט פאר הונגער, נאר איך דענק, אזוי ווי דו ביזט שעהן, אזוי ביזטו דאך אויך קלוג, ועסטו מן הסתם גיכער וועלען לעבען ווי א פרינצעסין, נו, וואס זאגסטו מיין שעהן אסתר׳ל?

**אסתר:** איך זאג אז דו ביזט אן־אונפערשעהמטער אלטער בעל עבירה׳ניק! און וואגסטו נאך איין ווארט צו מיר צו רעדען, און שטעהסט מיר אין וועג, רייס איך דיר אוים דיין בארד און קראץ דיר אוים דיינע אויגען, ארוים פון דאנען! (מיט איין האנד חאפט זי איהם אן ביי דער בארד און מיט דער צווייטער שלאגט זי איהם). ארוים! ארוים זאג איך, דו אלטער בעל־עבירה׳ניק!

**צדוק:** איך בעט דיך, לאז מיך אב, טהו מיר נישט אן קיין בושה, איך וועל אליין ארוים געהן. (זי פיהרט איהם און קומט באלד צו׳ריק).

**אסתר:** (אויפגערעגט). אט האב איך איהם געוויזען, ווי אזוי מען איז א בעל הבית. אזא חוצפה! ס׳איז זיין גליק וואס מיין בנימין איז נישטא מיט מיר. אך בנימין מיין טייערער בנימינ׳דעל! פאר וואס קומסטו נישט צוריק צו דיין געטרייער אסתר׳ל? זייט יענער שרעקליכער נאכט זענען מיר צעטיילט געווארען און מיר קענען זיך נישט אבזוכען איינער דעם צווייטען. (מען הערט בנימינ׳ען זינגען.) מיין גאט! איז דאס נישט זיין שטימע? [קוקט ארוים] בנימין! זעהען מיינע אויגען רעכט? יא עס איז ער. נו, נו, אסתר׳ל, נישט אזוי אויפגערעגט! עס איז אמת איך גלייב אין מיין בנימינ׳ס טריישאפט, דאך איז עס בעסער אז מען איז איבער־צייגט. [זי פערדעקט איהר פנים מיט׳ן שלייער.]

(אויפטריט בנימין)

**בנימין:** נו, בין איך ענדליך אין פאלאסט, דער אלטער אבנר האט מיך געשיקט זעהן, אויב אונזער נייער פעלד־מארשאל... אהא! דא איז



עמיצער דא, זאג נאר מעדכען, געהערסטו אויך צו די הויזמענשען פון דאנען?

**אסתר:** הם... הם...

**בנימין:** הייסט דער איינענטהימער פון דעם פאלאסט עזריה?

**אסתר:** הם... הם...

**בנימין:** זיין פרוי הייסט בת שבע?

**אסתר:** הם... הם...

**בנימין:** די טאכטער פון דעם קארגען צדוק?

**אסתר:** הם... הם...

**בנימין:** הם, הם,! קענסטו דען נישט רעדען? און ווייסטו ווער פאר דיר שטעהט?

**אסתר:** ווער?

**בנימין:** האסטו נאך קיינמאל נישט געהערט רעדען פון דעם יונגען העלד בנימין?

**אסתר:** דעם נאמען האב איך שוין א מאהל געהערט דערמאנען פון מיינער א פריינדין, זי הייסט אסתר.

**בנימין:** אסתר? [נעמט זי אן ביי דער האנד.] אסתר האסטו געזאגט?

**אסתר:** יא

**בנימין:** אזוי גרוים ווי דו?

**אסתר:** יא

**בנימין:** בלויע איינעלעך, ראזא ליפעלעך, א רייצענד געזעלע, רונדע בעק־קעלעך, ווייסע צייהנדעלעך, קלאהרע הענדטעלעך און זי הייסט אסתר, קום!

**אסתר:** וואוהין?

**בנימין:** וואס הייסט וואוהין? צו מייז אסתר׳לען, זעהסט נישט ווי די ערד ברענט אונטער מיינע פים? זיי אזוי גוט און פיהר מיך אהין צו מיין אסתר׳לען.

**אסתר:** [רופט אין די קוליסען] אסתר! [וועהרענד דעם נעמט זי אראב דעם שלייער.]

**בנימין:** (דערקענט זי.) אסתר! מאכסטו דיר א שפאס מיט מיין פערוואונדעט הערץ? דו, דו אליין ביזט דאך עם מיין געליעבטע און טהייערע אסתר׳ל!

**אסתר:** מיין בנימין! (אומארמען זיך און קושען זיך, זי וויינט.)

**בנימין:** וואס זעה איך? דו וויינסט? אבער אסתר׳ל! אום גאטעס ווילען, וויינען? דאס פאסט דאך נישט פאר דער געליעבטער פון אזא העלד!

**אסתר:** אך בנימינ׳דעל! איך האב אזוי פיעל געליטען זייט יענער שרעק־ליכער נאכט, ווען די סיריער זענען אונז איבערגעפאלען. מיין מאמע האט זיך מיט מיר געראטעוועט אין א פרעמדער געגענד אריין, נור זי איז באלד דארויף געשטארבען און איך בין אזוי געוועזן אומגליקליך, ביז עס איז מיר געלונגען דא ביי דעם רייכען עוריה צו פערבלייבען אלס קאממערמעדכען.

**בנימין:** אבער איצט בין איך שוין ווידער מיט דיר! איך דיין פערזארגער, דיין בעשיצער, דיין אלעס.

**אסתר:** יא מיין בנימינ׳דעל, איצט בין איך שוין נישט מעהר אזוי שוצלאז ווי פריהער, איצט וועט דער אונפערשעהמטער צדוק מעהר נישט וואגען מיך צו בעליידיגען און מיר א זאלכע פרעכע ווערטער צו זאגען.

**בנימין:** וואס הער איך?

**אסתר:** בת שבעס פאטער, דער אלטער צדוק.

**בנימין:** נו, וואס?

**אסתר:** ער האט מיר ערשט נישט לאנג געמאכט ליעבעס־ערקלעהרונגען.

**בנימין:** (ציהט דעם זעבעל.) פייער פעך און שוועבעל! וואו איז דער פער־פלוכטער גייצהאלז?

**אסתר:** נו, נו, בנימינ׳דעל דארפסט דיך נישט אזוי אויפרעגען, דו מוזט וויסען, אז אסתר׳ל האט איהם דערפאר אויך נישט געגעבען א קניפ אין בעקעל.

**בנימין:** וואס האט איהם געקענט טהון אזא שוואך וועזען ווי דו?



**אסתר:** נישט געזארגט בנימינ׳דעל! דאס שוואכע וועזען האט א פאר קרעפטיגע הענדטליך. דו זאלסט געוועזען זעהן ווי אזוי מיין לינקע האנד האט זיך איינגעפלאנטעט אין זיין בארד און די רעכטע האט געווארפען באמבעס און קוילען.

**בנימין:** הא הא הא! זעהר בראוו, זעהר גוט, נו און ער?

**אסתר:** ער האט זיך נעביך ביי מיר געבעטען, לאז מיך אב, טהו מיר נישט אן קיין בושה, הא הא הא!

**בנימין:** הא הא הא! אסתר׳ל, דו ביזט ווערטה צו זיין די פרוי פון אזא העלד ווי איך בין, דו ביזט און בלייבסט אויף אייביג מיין טהייער ליעב אסתר׳ל.

I.

**אסתר:**
אך ווי דיין אסתר׳ל האט וועגען דיר,
טאג און נאכט נור געדענקט.
זאג, מיין בנימינ׳דעל, האסט נאך מיר
אויך אזוי שטארק געבענקט?

**בנימין:**
דאך צוריק איז שוין געקומען דער העלד
און זארגען וועט ער פאר דיר.
צוזאמען מיט מיר אין דער וייטער וועלט,
פארווערטס מיין פריינד מארשירט.

**ביידע:** טראטאטא פלאם...

II.

**בנימין:**
בלייבט מיין אסתר׳ל, מיר טריי אויך דאן,
ווען איך וועל זיין ווייט פון היער,
און עס וועט איינפאלען א פרעמדען,
צו ווארפען אויגען אויף דיר.

**ביידע:** צו ווארפען אויגען אויף מיר (דיר).

**אסתר:**
פאר אזא איינעם האב איך מיר מיין פלאן,
איך פיהר איהם צו צו דער טהיר,
און 1, 2, 3, פליהט איהם אין פנים אריין,
פארווערטס מיין פריינד מארשירט.

**ביידע:** טראטאטא פלאם... (מארשירען אב.)



# פערוואנדלונג.

(רייכער זאאל, רעכטס און לינקס סטאטוען, זעהר פאנטאסטיש.)

(אויפטריט עזריה.)

**עזריה:** בַּת שֶׁבַע! מַיין בַּת שֶׁבַע?
עָנְדְלִיךְ בִּיזְטוּ מַיין גֶעלִיעבְּטֶעם וַוייבּ.
יָא מַיינֶע בִּיזְטוּ, טְרַייעֶ נְשָׁמָה,
אָ וָועלְכֶע זִיעסֶע צוּקוּנְפְט.
עֶרְוַוארְטֶעט אוּנְז.
מִיט וָועלְכֶער וָועהנְזוּכְט הָאבּ אִיךְ גֶעוַוארְט
אוֹיף דִיעזֶען אוֹיגֶענְבְּלִיק.
אוּנְ הָאבּ אִיהם עֶנְדְלִיךְ דֶערְלֶעבְּט.
אַךְ! וֶועלְכֶער גֶענוּס, וָועלְכֶעם גְלִיק
דָאךְ וָואס פֶּעסֶעלְט מַיין שְׁרִיט
אִין דִיעזֶער שְׁוֶועל?
אִיךְ קֶען מִיךְ נִישְׁט בֶּעוֶועגֶען,
פוּן דִיעזֶער שְׁטֶעל.
וָואס פֶּעסֶעלְט מַיינֶע שְׁרִיט אִין דִיזֶער שְׁוֶועל?
אַיינְבִּילְדוּנְג אִיז עֶס נוּר
פָּארְט פָּארְט צוּ אִיהר!
צוּ מַיין בַּת שֶׁבַע מוּז אִיךְ פָּארְט צוּ אִיהר.

(עזריה וויל אב. איפטריט טייפעל.)



**עזריה:** אָ וָועה מִיר!

**טייפעל:** חַ חַ חַ! וַוארְט אַבִּיסֶעלֶע, וַוארְט מַיין פְרַיינְד,
מִיר בֵּיידֶע הָאבֶּען זִיךְ קוֹים פֶערְאַיינְט.
רַייכְטוּם הָאסְטוּ פֶערְלַאנְגְט פוּן מִיר,
רַייכְטוּם הָאסְטוּ אֶהן אַ שִׁיעוּר,
דַיין נְשָׁמָה הָאסְטוּ פֶערְקוֹיפְט דַאפִיר,
אִיצְט לֶעבּ נוּר וִוי אִיךְ דִיקְטִיר.
עֶהרְלִיךְ לֶעבֶּען, שְׁטִיל, סָאלִיד,
דָאס הָאבּ אִיךְ פַיינְד, עֶס גֶעפֶעלְט מִיר נִיט.
לִיגֶען, בֶּעטְרִיעגֶען, שְׁווִינְדְלֶען, פֶערְדְרֶעהֶן,
דָאס אִיז גוּט, נוּר דָאס אִיז שֶׁעהן,
צוּ לִיעבֶּען אַ פְרוֹי נוּר אַיינֶע אַלֵיין,
דָאס אִיז נִישְׁט גוּט, דָאס אִיז נִישְׁט שֶׁעהן,
אַלֶע מָאל אַ פְרִישֶׁע, אַ נַייעֶ,
דָאס אִיז גוּט, דָאס אִיז אַ מְחַיָה.

**עזריה:** אַוֶועק פוּן מִיר, דוּ מִיאוּסֶער טֵייפֶעל,
(ער ווארפט אוועק דעם רינג.)
נוּן, אִיצְט בִּין אִיךְ פְרַיי!

**טייפעל:** חַ חַ חַ! וַוארְט אַבִּיסֶעלֶע, וַוארְט מַיין פְרַיינְד,
דוּ בִּיזט אִין טעות ווי מיר שיינט.

**עזריה:** (דערזעהט דעם רינג אויף זיין פינגער.) אוֹי וָועה מִיר, הָאבּ מִיטְלֵייד!

**טייפעל:** גֶעה, גֶעה, גֶעה, דוּ בִּיזְט אַ נַאר,
גֶענִיעס דָאךְ דָאס לֶעבֶּען, ווִי דִיר נוּר גֶעפֶעלְט,
נוּר גֶעלֶעבְּט, נוּר גֶעלַאכְט, גֶענִיעס מַיין פְרַיינְד דִי וֶועלְט.
וָועה אָט וַוייז אִיךְ דִיר אַ פְרָאבֶע, דָא אוֹיף דֶעם אָרט,
שְׁקְלַאפֶען פוּן מַיין מַאכְט, הֶערְט אַייעֶר מַייסְטֶערְס וָוארְט!
הֶערְט! הֶערְט! הֶערְט!

(די סטאטוען ווערען פערוואנדעלט אין בעוועגונגסלאָזע מערכען, וועלכע בעוועגען זיך דאן ארום עזריה׳ן.)

**מערכען:** שֶׁעהנֶע וֶענֶען מִיר, טַאנְצֶען קֶענֶען מִיר,

זאג ווער דיר געהעלט ?
הער מיך, ליעב מיך, קוש מיך ליעבער
און וויים פון א וועלט !

(ברעכען אוים אין א ווילדען טאנץ, עזריה ווערד מיטגעריסען.)

**בת שבע:** (קימט מיט א הארפע) שמע ישראל, איינער איז נור גאט,
אונזער ליעבער גאט, אדוני אחד !
אין דיין האנד עמפפעהל,
א יעדער זיינע זעעל.
נעם אויך מיינע דיר,
מארגען גיב זי מיר,
שמע ישראל !

**מעדכען:** אה וועה ! (זיי זינקען צו דער ערד,)

**עזריה:** בת שבע ! בת שבע !

(דער טייפעל רייסט איהם צו זיך, דאן ווארפט ער איהם צו דר'ערד. עס ערשיינט א בילד און דער טייפעל איבער איהם מיט א געלעכטער.)

פ א ר ה א נ ג.

ענדע פון דעם צווייטען אקט.





# דריטער אקט.

(א רייכער זאאל. לינקס 2 שטוהלען, רעכטס א דיוואן, אין הינטערגרונד מארמארשטיעגען.)

ק א מ ע ר מ ע ד כ ע ן.

**קאהר:** צו בעגריסען זענען מיר געקומען, ווינשען דיר
גליק אלע דיינע פריינד,
ווינשט אלע ווינשט, גליק אלע ווינשט,
אלע דער עדלער בת שבע היינט.
געבע דיר גאט איין לאנגעם לעבען,
זענען זאל גאט דיין גאנצעם שטרעבען,
הצלחה און ברכה ווינשען אלע, } בים
ווינשען אלע דיינע פריינד.

(אויפטריט בת שבע.)

**בת שבע:** יא פאר אייער וואונש עמפפאנגט,
מיין הערצליכסטען דאנק.

**קאהר:** גריסט דיך גאט.

**בת שבע:** אייער פריינדין בלייב איך מיין לעבען לאנג,

**קאהר:** גרים דיך גאט.

**בת שבע:** גאט מיט אייך!

**קאהר:** גאט מיט אונז.

**בת שבע:** גאט מיט אייך !

**כאָהר:** גָאט מִיט אוּנְז.

**בת שבע:** גָאט מִיט אַייךְ מַיינֶע לִיעבֶּע פְרַיינְד,
לֶעבֶּעט וָואהל!
לֶעבֶּע וָואהל! } בּיס
לֶעבֶּע וָואהל אַדיֶע!

(קאָהר אב. אויפטריט עזרית, טרויעריג.)

**בת שבע:** עֲזַרְיָה! וִוי קַאלְט? וִוי גְלַייכְגִילְטִיג?...

**עזריה:** בַּת שֶׁבַע! בִּיזְטוּ גוּט גֶעשְׁלָאפֶען?

**בת שבע:** קֶען מֶען דֶען גוּט שְׁלָאפֶען, וָוען מֶען וֶוערד גֶעקְוֶועהלְט פוּן שְׁוֶוערֶע זָארְגֶען?

**עזריה:** דוּ פוּן זָארְגֶען גֶעקְוֶועהלְט? אוּן אִין וָואס בֶּעשְׁטֶעהט דַיין קוּמֶער? בַּת שֶׁבַע, הָאסְטוּ עֶפֶּעס אַ וואוּנְשׁ, זָאג אִיהם מִיר אוּן אִיךְ וָועל אִיהם בַּאלְד עֶרְפִילֶען.

**בת שבע:** אִיךְ הַאלְט דִיךְ בַּיים וָוארְט!

**עזריה:** נוּ, וָואס אִיז דַיין וואוּנְשׁ?

**בת שבע:** פֶערְטְרוֹיֶען!... נוּ, פַאר וָואס הַאלְטְסְטוּ נִישְׁט דַיין וָוארְט? עֲזַרְיָה! דוּ הָאסְט פַאר מִיר אַ כּוֹד, וָועלְכֶער מַאכְט אוּנְז בֵּיידֶע אוּמְגְלִיקְלִיךְ.

**עזריה:** נַיין, נַיין בַּת שֶׁבַע, דוּ בִּיזְט אִין אַ טָעוּת.

**בת שבע:** אוּמְזִיסְט עֲזַרְיָה, אוּמְזִיסְט זוּכְסְטוּ דִיךְ פַאר מִיר צוּ פֶערְהִיטֶען! דוּ בִּיזְט נִישְׁט מֶעהר דֶער עֲזַרְיָה פוּן פְרִיהֶער!

**עזריה:** פַאר וָואס נִישְׁט? הָאסְטוּ דֶען גֶעהֶערְט פוּן מִיר אַ שְׁלֶעכְט וָוארְט? אָדֶער אִיז אֶפְשָׁר פֶערְהַאנְגֶען דַיינֶער אַ וואוּנְשׁ, וָואס אִיךְ זָאל אִיהם פֶערְוַוייגֶערְן?

**בת שבע:** מֵיינְסְטוּ אַז דֶער גְלַאנְץ אוּן רַייכְטוּם אִיז גֶעוֶוען מַיין וואוּנְשׁ? אָ, וָואלְסְטוּ לִיעבֶּער גֶעוֶוען אַנ'אָרִימֶער בּוֹיעֶר... בְּלוֹיז אֵיין פְרַיינְדְלִיכֶער בְּלִיק, אֵיין לִיעבְּפוֹלֶעס וָוארְט פוּן דִיר, וָועט מִיךְ אַ סַךְ גְלִיקְלִיכֶער מַאכֶען וִוי דָאס גַאנְצֶע רַייכְטוּם. עֲזַרְיָה! פַאר



צְוַויי וָואכֶען הָאבֶּען מִיר זִיךְ אוּנְטֶער דֶער חוּפָּה טְרַייעֶ אוּן לִיעבֶּע גֶעשְׁוואוֹירֶען, הַאלְטְסְטוּ דַיין שְׁבוּעָה? נַיין, עֲזַרְיָה! דַיינֶע אָרֶעמְס זֶענֶען נִישְׁט מֶעהר אָפֶען מִיךְ צוּ אוּמַארְמֶען. גִיבּ מִיר אַ תְּשׁוּבָה, הָאבּ אִיךְ אֶפְשָׁר גֶעזִינְדִיגְט גֶעגֶען דִיר, אַזוֹי זָאג מִיר אִין וָואס בֶּעשְׁטֶעהט מַיין שׁוּלְד?

**עזריה:** נַיין, נַיין בַּת שֶׁבַע! דוּ בִּיזְט גָאר נִישְׁט שׁוּלְדִיג.

**בת שבע:** אוּן פַאר וָואס וֶוענְדְסְטוּ דִיךְ פוּן מִיר אָבּ? עֲזַרְיָה! קוּק מִיר אִין פָּנִים אַרַיין אוּן זָאג מִיר דֶעם אֶמֶת. אוֹיבּ ס'אִיז נִישְׁט מַיין שׁוּלְד אַזוֹי אִיז עֶס דַיינֶע. וָועה מִיר! וָואס פַאר אַ שְׁרֶעקְלִיכֶער גֶעדַאנְק עֲזַרְיָה! דוּ פִיהלְסְט דִיךְ שׁוּלְדִיג אִין אַ פֶערְבְּרֶעכֶען. אִיז דָאס אֶפְשָׁר דָאס פוּרכְטבַּארֶע גֶעהַיימְנִיס דוּרךְ וֶועלְכֶען דוּ בִּיזְט אַזוֹי בַייךְ גֶעוָוארֶען? דָאךְ נַיין! פֶערְצַייה מִיר דָאס אִיךְ הָאבּ מִיר עֶרְלוֹיבְט אוֹיף דִיר אַ זֶעלְכֶעם צוּ קְלֶערֶען. אָ מִיט וָואס וָואלְט אִיךְ גֶעקֶענְט לִינְדֶערְן דַיינֶע שְׁמֶערְצֶען? גָאט וַוייס אַז אִיךְ וָועל עֶס טהוּן אַפִילוּ מִיט מַיין לֶעבֶּען. (אב לינקס.)

**עזריה:** (פערצווייפעלט.) טַייפֶעל! שׁוֹידֶערְהַאפְטֶער טַייפֶעל! בִּיזְטוּ נָאךְ נִישְׁט צוּפְרִיעדֶען דַאמִיט, וָואס דוּ הָאסְט מִיךְ אַלֵיין אִין דֶעם טִיעפְסְטֶען אָבְּגְרוּנְד גֶעוָוארְפֶען? בַּת שֶׁבַע! דוּ רַיינֶע גֶעטְרַייעֶ זֶעעלֶע! וִוי גֶערְן וָואלְט אִיךְ אִין דַיין בְּרוּסְט גֶערוּהט, אָבֶּער צְווִישֶׁען אוּנְז שְׁטֶעהט אַ רוּחַ! אַ שְׁרֶעקְלִיכֶער טַייפֶעל! אַוֶועק מִיט דֶעם פֶערְשָׁאלְטֶענֶעם צוֹיבֶּערְמִיטֶעל! זָאל אַנ'אַנְדֶערֶער זַיין גְלִיק מַאכֶען, אִיךְ וִויל לִיבֶּער בְּלַייבֶּען אַנ'אָרִימֶער בּוֹיעֶר נוּר צוּזַאמֶען מִיט מַיין גֶעלִיעבְּטֶער בַּת שֶׁבַע!

(אויפטריט בנימין פון די שטיעגען.)

**בנימין:** גְרִיס דִיךְ גָאט, גְנֶעדִיגֶער הֶערר!

**עזריה:** אָ בִּנְיָמִין!

**בנימין:** בִּין אִיךְ אֶפְשָׁר נִישְׁט גֶעקוּמֶען צוּ דֶער רֶעכְטֶער צַייט?

**עזריה:** פַאר וָואס פְרֶעגְסְטוּ דָאס?

**בנימין:** ווייל דער גנעדיגער הערר ווייזט אוים צו זיין עפּעס זעהר אויפגערעגט.

**עזריה:** עס דאכט זיך דיר נור. אָבער זאג בעסער וואס האט דיך צו מיר געבראכט.

**בנימין:** גנעדיגער הערר! איך...

**עזריה:** נו, זאג וואס?

**בנימין:** איך וויל חתונה האָבען.

**עזריה:** נו, וואס'זשע פערלאנגסטו פון מיר? זאל איך דיר אפשר געבען א כלה?

**בנימין:** א כלה האב איך שוין מיין אסתר'ל.

**עזריה:** נו האב'זשע חתונה.

**בנימין:** יא, אָבער בלויז חתונה האָבען איז נישט גענוג. מיין אסתר'ל פערדיענט דאך, אז איך זאל זי גליקליך מאכען.

**עזריה:** אוודאי, דאס דארפסטו אויך טהון!

**בנימין:** איך דארף, מיר פעהלען דאך אָבער די מיטעל דאצו.

**עזריה:** אזוי? ביזטו געקומען צו מיר וועגען אונטערשטיצונג?

**בנימין:** מיר זענען ערשט נישט לאנג געוועזען גליקליכע קאמעראדען. איצט ביזטו אזוי רייך און איך האב גאר נישט.

**עזריה:** (אפארט) האט דער צופאל גראד איהם מיר צוגעשיקט. זאל ער זיין דאס אפּפער? בנימין!

**בנימין:** גנעדיגער הערר!

**עזריה:** וואלסטו געוואלט זיין אזוי רייך ווי איך?

**בנימין:** צוליעב מיין אסתר'ל, וואלט איך געוואלט זיין אפילו נאך רייכער!

**עזריה:** (אפארט) צוליעב זיין אסתר'ל! זאל איך בעגעהן א פערברעכען און פערדערבען צוויי אונשולדיגע קינדער?... בנימין! דו האסט דיין אסתר'ל ליעב?

**בנימין:** פונקט אזוי און אפשר נאך מעהר ווי דו דיין בת שבע!



**עזריה:** (אפארט) בת שבע! ער האט עס אויסגעשפּראכען! ניין איך צענער עס נישט לענגער. מיין בת שבע מוז מיך ווידער האָבען און זאלען דאדורך אנדערע צוגרונד געהן!... בנימין! קום אהער! איך וויל דיר אנפערטרויען א געהיימניס. זעהסטו אט דיעזען רינג אויף מיין האנד? דער רינג האט מיר דאס אונגעהייערע רייכטהום פערשאפט.

**בנימין:** א צויבערדינג?

**עזריה:** יא א ווינשפינגערל, יעדען וואונש קענסטו דאמיט ערייבען. איצט אָבער, ווייל איך האב שוין גענוג, האב איך מיר א בערלעגט. פאר וואס זאל אויך נישט קיין אנדערער דאמיט קענען זיין גליק געפונען.

**בנימין:** פאלקאמען רעכט! נו גיב עס מיר.

**עזריה:** ניין מיין יונגע, דאס געהט נישט אזוי, דו מוזט עס ביי מיר אפּקויפען.

**בנימין:** קויפען? ווער ווייסט וואס פאר א סומע דו וועסט פאר אזא גאלדגרובען פערלאנגען? און איך, גנעדיגער הערר, האב דאך גאר נישט.

**עזריה:** דער פרייז איז בלויז 4 פרוטות.

**בנימין:** בלויז 4 פרוטות?

**עזריה:** דאס איז די העלפט דאפון וואס עס האט מיך געקאסט, נור מערק דיר, טאמער וועסטו וועלען דאפון פטור ווערען אזוי מוזטו עס פערקויפען בלויז פאר צוויי פרוטות, ואנסט קענסטו דיך דאפון נישט בעפרייען.

**בנימין:** בעפרייען? אימגעגענטייל! איך וועל דאס היטען פונקט ווי א אויג אין קאפּ.

**עזריה:** (אפארט) דעמולט האב איך אויך אזוי געזאגט.

**בנימין:** אט, גנעדיגער הערר, זענען די 4 פרוטות.

**עזריה:** (אפארט) ארמער מענש.

בנימין: (אפארט) האט ער שוין אֶפְשָׁר חֲרָטָה? נֶנֶעדִינֶער הערר! א וָוארט א מַאן! אט האט איהר די 4 פרוטות.

עזריה: (אפארט) עס מוז אַזוֹי זיין!... גיב אַהער (נעמט דאס געלד.) אט דא איז דער רינג.

(עס בליצט און דונערט. אויפטריט טייפעל אלס האָפנאר.)

עזריה: איז עס געלונגען? איז עס נִישט קיין טָעוּת? (בעטראכט זיין פינגער) ניין, עס איז אַוועק פון מיר. בַּת שֶׁבַע! מיין טייער ווייב, דו האסט מיך ווידער. איצט בין איך ווידער דיינער, דיינער אויף אימער און עוויג! (אָב.)

בנימין: איצט בין איך א פערטיגער מענש! פְרֵעה דיך אֶסְתֶּר׳ל, אויך מיר וועלען איצט וואוינען אין אַזא רייכען פּאלאסט און דו וועסט איצט אויך טראגען טייערע זיידענע קליידער.

(בנימין וויל אָבגעהן, דער טייפעל פערטאנצט איהם דעם וועג.)

טייפעל: שטענדיג מונטער, שטענדיג לוסטיג, נור געלעבט, נור געלאכט! יוכהע!

בנימין: (ערשטוינט, קוקט זיך אום.) ווער איז דער?

טייפעל: דיין האנד מיין שעהנער יונגער העלד! (גרייפט זיין האנד.) איך האב געהערט פון דיין נאמען, מיין ליעבער בנימין, ווי גרויסארטיג דו האסט דיך אויסגעצייכענט אין דער לעצטער שלאכט. איך האב שוין לאנג געזוכט דיין בעקאנטשאפט און ענדליך בין איך אזוי גליקליך! איך האב די עהרע זיך פארצושטעלען: האפנאר ביי אונזער פעלדמארשאל.

בנימין: פרעהט מיך זעהר, דאך... (ער וויל אָב)

טייפעל: ווילסטו מיט מיר פריינדשאפט שליעסען, מיין בראווער און ליעבער בנימין? אזוי בלייבען מיר גוטע פריינד אויף אימער און אייביג.

בנימין: געוויס בלייבען מיר פריינדע, אבער...

טייפעל: נו, לאמיר טרינקען לחיים פאר אונזער נייער פריינדשאפט!

(נעמט א פלאש און א גלאז, גיעסט אָן און דערלאנגט עס בנימינ׳ען.)



טרינק, דען אוועלכעס האסטו אין דיין לעבען נאך נישט געטרינקען, פרובּיר נור! (בנימין נעמט) אויף אונזער נייער פריינדשאפט! (טרינקט). נו האט עס דיר געשמעקט? (בנימין מאכט א פריידיגע מינע און דערקוויקט זיך.) חַ חַ חַ! טרינק נאך איינס, אין צווייען איז שטארקער! אויף אונזער ברודערשאפט! (טרינקט.) הא, בנימין? וואס זאגסטו צו דער משקה?

בנימין: בְּנֶאֱמָנוּת, ווי ער איז א לוסטיגער פריינד, ער געפעלט מיר. נאך איינס, דאס לעצטע!

טייפעל: (גיעסט אָן) זאל זיין צום ערשטען מאל, צום צווייטען מאל און צום...

בנימין: דריטען מאל! (טרינקט) איצט אבער מוז איך געהן!

טייפעל: וואוהין דען?

בנימין: צו מיין אסתר׳לען, זי ווארט אויף מיר.

טייפעל: זאל זי דארט אויף דיר ווארטען און ווארטען ביז אין גרויען צאפ אריין.

בנימין: נור נישט קיין שפּעסע מיט מיין אסתר׳ל! דאס ערלויב איך נישט. האסטו שוין מיין אסתר׳ל געזעהן?

טייפעל: געוויס האב איך זי שוין געזעהן!

בנימין: נו, איז זי נישט די שענסטע אין דער וועלט?

טייפעל: חַ חַ חַ! ווער עס האט קיין שענערע געזעהן? הער מיך אוים מיין פריינד, דו ביזט נאך יונג און ווייסט נאך נישט וואס שעהן איז. איך וועל דיר ווייזען א שעהנהייט, א פרינצעסין, אזוי ווי פאר דיר פאסט! דו ביזט דאך אזוי שעהן, ליעבענסווירדיג, מאיעסטעטיש, נור ווי א קעניג!

בנימין: געה שוין געה, דו ביזט א שמייכלער.

טייפעל: א שמייכלער? איך? א מיין פריינד, דו קענסט מיך נאך נישט. איך בין דער אמת אליין, און ווילסטו דיך איבערצייגען, אזוי קום מיט מיר, וועסטו זעהן, אז פרינצעסינס שטארבען נאך דיינע טריט.

**בנימין:** ווירקליך?

**טייפעל:** פּרובּיר נור! איך זאג דיר, ווען איך בּין אויף דיין אָרט, אַך וואס פאר אַ לוסטיג לעבען איך וואלט געפיהרט! לעבּט מען, זאל מען דאס לעבען געניעסען!

**בנימין:** געווים, דאס וויל איך אויך!

**טייפעל:** און דאס זאלסטו אויך! טרינק מיין פריינד, נור געלעבּט! נור געלעבּט! יוכהע!

**בנימין:** אַך איז ער אַ פרעהליכער קאמעראד! עס לאזט זיך פון איהם גאר נישט אַוועק געהן, מיין ליעבער קאמעראד, גיב אַהער נאך איינס!

**טייפעל:** נאך צעהן! נאך צוואנציג! טרינקען! לעבען! (טרינקט) אָ! בּנימין, איך וועל פון דיר מאכען אַ מענש. נאך איינס... איך וואלט נאך געוואלט וויסען, וועלכער שוטה עס האט אויסגעטראכט דאס חתונה האבען?

**בנימין:** איז דען חתונה האבען אַ שטות?

**טייפעל:** אַ שגעון! פערקויפען זיך צו איינער? היינט געפעלט זי מיר יא און מארגען נישט מעהר, נו, זאל איך גאר זיין צו איהר צוגעבונדען זאג, (קיצעלט איהם.) האב איך נישט רעכט?

**בנימין:** חה חה! ווים איך? אפשר?

**טייפעל:** אפשר? ניין! איך האב געווים רעכט, איך בּין אַ ערפאהרענער מענש. איך וועל דיר ווייזען ווי אַזוי מען לעבּט! וואס קימערן מיך די חמורים, וואס האבען אויסגעטראכט דאס ווארט זינד? אַבּי עס מאכט מיר פערגניגען! פערגניגען מוז מען האבען! האב איך רעכט? (קיצעלט איהם.)

**בנימין:** פאלקאמען רעכט!

**טייפעל:** טרינק מיין פריינד! (טרינקען) ווי אַ שמעטערלינג אַזוי פליהט מען פון איין בּלימעלע צום אַנדערען, היינט איז אסתר'ל, מארגען איז חיה'לע, איבּערמארגען שרה'לע און מען לעבּט און מען לאכט! האב איך נישט רעכט?



**בנימין:** פאלקאמען רעכט! (שטארק שיכור) פריינד... קאמעראד... דיין האנד!

**טייפעל:** אייבּיגע פריינדשאפט!

**בנימין:** אַלע שעהנע מיידעלעך זאלען לעבען!

**ביידע:** יוכהע!

I.

**טייפעל:** געדענקזשע גוט מיין תורה,
קימערן זאל דיך גאר נים.
זינדיג האב קיין מורא,
טהו אַלסדינג וואס מען טאר נים.
נור נישט זיין קיין באבע,
זיך שרעקען פאר אַ זינד.
אַ כפרה עולם הבא,
אַבּי זיי דו געזונד.

**ביידע:** חה חה! כלעבען דאס איז רעכט,
חה חה דער פּלאן איז גאר נישט שלעכט,
חה חה! נור געלעבּט און נור געלאכט, יוכהע!

II.

**טייפעל:** האט מען דיר פערבּאטען,
וואס דיין הערץ בּעגעהרט.
כלעבען עס וועט נישט שאטען,
ווען דו טהוסט פערקעהרט.
וואס טויג דיר אַ גן עדן,
מיט אַ יענער וועלט.
דאס גן עדן שענק דעם ייִדען
און דו נעם דיר די וועלט.
חה חה! א. א. וו.

III.

שווינדלען און בעטריגען,
דארויף בעשטעהט די גאנצע וועלט,
פאלשקייט נור און ליעגען,
נור געלד און געלד און געלד.
דער וואס איז איין עושר,
נור דער האט די ווערט.
דער אמת און דער יושר,
זיי ליעגען טיעף אין דער ערד.
ח ח ח! א. א. וו. (ביידע טאנצען אב.)

(אויפטריט אסתר.)

**אסתר:** דא איז ער אויך נישטא? ווי זאל זיין מיין בנימינ'דעל? ער האט מיר געזאגט אז ער געהט צום פעלדמארשאל כדי מיט איהם צו רעדען וועגען אונזער חתונה, אבער איך בין שוין מיעד ווארטענדיג אויף איהם. בנימין! בנימינ'דעל! אך דו ווייסט דאך, אז אהן דיר קען איך אפילו קיין מינוט נישט לעבען. בנימין! (מען הערט בנימינ'ס שטימע) מיין גאט! בנימין! וועה מיר! וואס זעה איך? בנימין אין אזא צושטאנד?

(אויפטריט בנימין.)

**בנימין:** ווער ביזטו? דו... דו... דו...

**אסתר:** גרויסער גאט! דערקענסטו מיך נישט מעהר? איך בין דאך דיין אסתר!

**בנימין:** און ווער אי.. איז די.. די אנ־דע־רע?

**אסתר:** וועלכע אנדערע?

**בנימין:** איך זעה פא-פאר מיר צ-צוויי אס-אסתר'לעך, ח ח ח!

**אסתר:** בנימין! צום ערשטען מאהל זעה איך דיך אין אזא שרעקליכען צושטאנד. דערצאהל מיר, דערצעהל דיין אסתר'לען אלעס. דו ביזט דאך געגאנגען רעדען וועגען אונזער חתונה?



**בנימין:** וועלכער שו-שוטה וויל איך וויסען האט אויסגעטראכט דאס חתונה האבען.

**אסתר:** בנימין! אזעלכע ווערטער?

**בנימין:** וועלכע חמורים האבען אויסגעטראכט חתונה האבען? פערגניגען מוז מען האבען! האב איך דען נישט רעכט? (ער קיצעלט אסתר'ן.) ח ח ח!

**אסתר:** וואס קיצעלט ער מיך?

**בנימין:** געדענק'זשע גוט מיין תורה!

**אסתר:** וועה איז מיר, וואס איז מיין בנימינ'דעל געשעהן?

**בנימין:** היינט איז אסתר'ל, מארגען איז שוין חיה'לע און איבערמארגען איז שוין גאר א שרה'לע, ח ח ח! האב איך דען נישט רעכט? (ער קיצעלט זי) אלע שעהנע מיידלעך זאלען לעבען! יוכהע! (טאנצט און פאלט.)

**אסתר:** (הויבט איהם אויף.) בנימין! וועה מיר מען האט מיר מיין בנימי'נען פערגיפטעט! ניין, איך לאז דיך מעהר נישט אוועק פון מיר. (זעצט איהם א ניעדער און דערזעהט דעם רינג.) אלעס וואס מיט דיר איז פאר־געקומען מוזטו מיר דערצעהלען. וואס איז דאס פאר א רינג? איך האב איהם ביי דיר קיינמאל נישט געזעהן. וועלכעס מיידעל האט דיר איהם געגעבען?

**בנימין:** דער רינג? ח ח ח! איך האב גאר אין גאנצען פערגעסען! ווייסטו חיה'לה?

**אסתר:** וואס? חיה'לע גאר?

**בנימין:** ניין, איך וויל זאגען שרה'לע.

**אסתר:** שרה'לע גאר?

**בנימין:** (קוקט זי אן.) אהא! ריכטיג! אסתר'ל... ווייסטו וואס פאר א רינג דאס איז?

**אסתר:** יא, יא, ניין?

**בנימין:** דאמיט האט דאך דער פעלדמארשאל ערווארבען זיין רייכטום. דאס איז אזא ווינשפינגער'ל!

**אסתר:** וועה מיר! איך הויב שוין אן צו פערשטעהן וואס דא איז געשעהן. דערצעהל מיר אלעס!

**בנימין:** דאס האב איך ביי איהם געקויפט פאר 4 פרוטות און פערקויפען קען איך עס נור פאר דער העלפט, אויב איך וויל דאפון פטור ווערען. אבער איך וויל נישט! איך וויל אויך ווערען א רייכער מאן הא חיה׳לע?

**אסתר:** שוין ווידער חיה׳לע?

**בנימין:** אהא! היינט איז נאך אסתר׳ל און חיה׳לע וועט זיין ערשט אויף מארגען.

**אסתר:** ווייטער בנימינ׳דעל, ווייטער.

**בנימין:** דאן איז ער געקומען און מיר האבען פריינדשאפט געשלאסען און געטרונקען און געטאנצט!

**אסתר:** ווער איז געקומען, ווער?

**בנימין:** ער! ווייס איך ווער ער איז? ער איז דאס געוועזען מיין פריינד, מיין קאמעראד!

**אסתר:** זאל דיך גאט היטען פאר אזא פריינד, איך האב שוין א מאל גע־הערט פון אזא צויבערמיטעל, וואס מאכט רייך. ווייסטו פאר וואס דער פעלדמארשאל האט זיך דאפון בעפרייט? ווייל חאטש ער איז רייך, איז ער געוועזען דער אומגליקליכסטער מענש אויף דער וועלט און כדי זיך צו בעפרייען האט ער דיך געביך אומגליקליך געמאכט.

**בנימין:** הער אויף, ווייל איך וועל באלד מורא האבען.

**אסתר:** און ווייסטו בנימין ווער דער פריינד איז געוועזען? ער איז א טייפעל א בייזער גייסט.

**בנימין:** שא! איך שטארב פאר שרעק. (ציטערט.)

**אסתר:** יא בנימינ׳דעל, דיין הארץ איז פערגיפטעט און דיין נשמה האסטו צום טייפעל פערקויפט.

**בנימין:** אסתר׳ל, דו האסט רעכט, דאס איז געוועזען א טייפעל, וועה מיר! איך בין פערלוירען.



**אסתר:** דו לייכטזין! וואס האסטו געטהון?

**בנימין:** אוי וועה!

**אסתר:** פאר וואס האסטו דיך מיט מיר פריהער נישט בעראטען? דאך קום, איך וועל זעהן וואס עס איז צו טהון, (אומארמט איהם.) קום מיט מיר.

**בנימין:** ניין ניין, איך קען נישט! (שפרינגט אויף.)

**אסתר:** פאר וואס אנטלויפסטו פאר מיר?

**בנימין:** עס רייסט מיך פון דיר אוועק, דיין בעריהרונג ברענט מיך! אך עס ברענט אין מיר ווי א העליש פייער! רעטע מיך אסתר׳ל! אה, רעטע מיך!

**אסתר:** יא, דאס וויל איך טאקי, און ווען איך זאל דאדורך אפילו צוגרונד געהן, איך וויל מיין בנימינ׳ען רעטען קום און האב מוטה! דיין אסתר׳ל וועט זיך פאר דיר אפפערן! (ביידע אב.)

(אויפטריט פאזשען און סאלדאטען, פון די שטיגען.)

**כאהר:** צו דעם געבורטסטאג פון דער
עדלער בת שבע היינט,
גראטולירען און ווינשען גליק,
אלע איערע פריינד.
איהר שעהנהייט און גיטע,
איז בעקאנט איבעראל.
געבענשט זיי פון גאט,
עזריה אונזער פעלדמארשאל,
האך דאס עדלע פאר, האך!

(אויפטריט עזריה, בת שבע, צדוק, שלומיאל און למך.)

**בת שבע:** אך ווי געליטען האב איך... א. ז. וו.

**שלומיאל:** בת שבע׳לע שוועסטער׳ל,
איך בין געקומען און אט בין איך דא,
ווייל עס איז היינט דיין געבורטסטאג
אין א מזל׳דיגער שעה.

זאלסט מיר דערלעבען,
איבער א יאהר און שוין.
אזוי ווינשט דיר,
שלומיאל דיין קרוין.
זאלסט מיר דערלעבען,
איבער א יאהר און גענוג.
שרייט'זשע אלע מזל טוב!

**כאָר:** מזל טוב, מזל טוב!

(מען הערט א ליארם.)

**עזריה:** וואס בעדייטעט דארט דער ליארם?

**שלומיאל:** אנ'ארימע אלטעטשקע נעביך, וויל מיט געוואלט אריין געהן, נור די דיענער לאזען זי נישט.

**צדוק:** א אומגליק מיט די קבצנים, קוים דערשמעקען זיי נור ערגיץ א שמחה, וואקסען זיי באלד אוים. ווארפט זיי אראב פון אלע טרעפ!

**עזריה:** ניין! יעדער אהן א אויסנאהמע זאל צוגעלאזט ווערען. מיינע טירען זאלען תמיד אפען זיין פאר ארים און רייך, ובפרט נאך היינט!

**שלומיאל:** זאג מיר נאר פעטער צדוק, פאר וואס האסטו אזוי פיינד א ארימאן?

**צדוק:** גע'ה דו נאר וואס דו ביזט, עס איז נישט חלילה אוים שנאה, איך האב א ווייך הארץ און דערפאר קען איך נישט צו קוקען זייער רחמנות.

(אויפטריט אסתר אלס אלטע בלומענפערקייפערין, און בנימין.)

**אסתר:** עדלער הערר און עדלע פרוי! אינים נאמען פון אלע ארימע, וועלכע איהר האט פיעל גוטעס געטהון, בין איך געקומען כדי דער גנעדיגער פרוי, גליק און נחת צו ווינשען צו איהר היינטיגען געבורטסטאג.

**בת שבע:** א דאנק פאר דיינע ווינשע, גוטע אלטע.



**עזריה:** דא האסטו פאר דיין וואונש. (גיעט איהר געלד.)

**אסתר:** ענטשולדיגט גנעדיגער הערר, זייט איך לעב, האב איך נאך קיין נדבות נישט גענומען, אבער ווען דער גנעדיגער הערר וויל מיך נישט ארויסלאזען פון זיין הויז מיט ליידיגע הענד, אזוי קויף ביי מיר א בוקע בלומען.

**עזריה:** אזוי נעם דאס פאר דיינע בלומען.

**אסתר:** דאס איז אבער צו פיעל גנעדיגער הערר, מיין געוועהנליכער פרייז איז 2 פרוטות, און וואס מעהר איז א נדבה און קיין נדבות נעם איך נישט.

**עזריה:** א זעלטענע אלטעטשקע... נו, כדי זאלסט נישט האבען אומזיסט געקומען, אט האסטו...

**אסתר:** דאס וועגען דאך גאלדמינצען, גנעדיגער הערר!

**עזריה:** הא הא הא! די אלטע לאזט זיך נישט בעשווינדלען. ווי זאל איך אבער נעמען צוויי פרוטות? א, ענדליך ארויסגעזוכט, אט דא האסטו צוויי פרוטות!

**אסתר:** יא, ריכטיג צוויי פרוטות (נעמט.) אט דא האסטו פאר זיי דעם בוקעט.

(עס הערט זיך דונער און בליץ, דער טייפעל לויפט דורך די ביהנע.)

**עזריה:** העלע און טייפעל

**אלע:** וואס איז דאס?

**בת שבע:** עזריה!

**עזריה:** עס איז ווידער דא אויף מיין פינגער! כהאב עס צוריק געקויפט. האט דען דער פערפלוכטער טייפעל נור מיך אליין אלס זיין אפפער אויסגעוועהלט?

**בת שבע:** עזריה! בעזין דיך, וואס איז מיט דיר געשעהן?

**עזריה:** פערשאלטענע מכשפה! ווער ביזטו דאס, וואס האסט מיך אויפס ניי געווארפען אין אבגרונד? ביזטו א בייזער גייסט פון דער פינס־טערניש? אראב מיט דיין מענשליכער מאסקע און ערשיין אין דיין אמת'ר געשטאלט!

**אסתר:** (גיעט זיך צו דערקענען.) א עהרליכעס מערכען מיין הערר! א געטרייע כלה, וואס האט איהר חתן געראטעוועט פון דעם אומגליק, און וועלכען דו האסט איהם געוואלט אריינוואַרפען. דו האסט דיך צום טייפעל פערקויפט, כדי רייך צו ווערען, דערפאר האלט דיך מיט דעם טייפעל צוזאמען מיט דיין רייכטום. מיין בנימין אבער טאר נישט צוגרונד געהן, ווייל אכתריאל שטרעקט פאר איהם זיין לעבען. (אומארט איהם.)

**בת שבע:** עזריה! וואס געהט דא פאר? איך פערגעה פאר פחד. עזריה, מיין ליעבער מאן!

**עזריה:** בעריהר מיך נישט! בעפלעק נישט דיין אומשולדיגע נשמה! דאס מערכען האט געזאגט דעם אמת. אין מיינע בליקען ברענט דאס גהינם, מיין אטהעם איז פערפעסטעט. אלע מיינע האר פונים קאפ זענען אין דער העלע פערפאלען און איך בין פערדאמט, פערדאמט אהז א שום רעטונג!

**בת שבע:** ניין, קיינער איז נישט אומשטאנד דיך פון מיר אבצורייסען! די ריינע הימלישע ליעבע פון א געטרייער פרוי, איז שטארקער אלס אלע בייזע רוחות. זייט אלע מתפלל פאר מיין געליעבטען און אומגליקליכען מאן!

**קאהר:**
העלף גאט מיר בעטען דיך,
דיין הילף שיק אונז גיך.

**עזריה:** ניין, ניין, איך קען נישט, איך קען נישט בעטען, לאז מיך פון דיר אנטלויפען, קוק נישט אויף מיר מיט א וועלכע ליעבפולע און צערטליכע בליקען, איך קען עס נישט פערטראגען, עס ברענט, עס פערצעהרט מיך!

**בת שבע:** מיין עזריה מיין פריינד, מיין אלעס!

**עזריה:** נישט אזוי, רוף מיך ביי מיין ריכטיגען נאמען, דיין מערדער! איך בין אויף אייביג פערשאלטען און האב אויך דיין אונשולדיג לעבען פערניכטעט, לאז מיך!

**בת שבע:** וואוהין?



**עזריה:** זעהסטו דען נישט דארט דעם בייזען טייפעל? ער ווינקט, ער רופט מיך, זעהסטו דען נישט די פייערינגע העלע, וואס פלאמט פון זיינע אויגען? הערסטו דען נישט זיין שרעקליכעס און טייפליש געלעכטער?

**בת שבע:** דו פאנטאזירסט!

**עזריה:** ניין, דא איז ער און ער רייסט מיך פון דיר אוועק מיט א העלישער געוואלט. ניין דו ריינע, דו אונשולדיגע, דו טארסט נישט דורך מיר צוגרונד געהן! לאז מיך, טייפעל, נעם מיך מיט אין דער אייביגער פינסטערניש!

(ער פאלט ביים טראָהן, בת שבע נעבען איהם. טייפעל שפאַניש איבער איהם. אלע בלייבען ערשטוינט.)

## פארהאנג.

ענדע פון דעם דריטען אקט.





# פיערטער אקט.

(אויפטריט צדוק).

**צדוק:** אזוי, אזוי, איז ארוים דער סוד פון עוריהס פלוצימדיגען רייכטהום! הם... הם... נו, ווי אזוי זאל מיר די גאל ניט צערשפּרינגען ווערען? ווי אזוי זאל איך ניט צערפּלאצט ווערען? ווי אזוי זאל איך ניט בע־קומען דעם שלאג פאר פערדרוס און פאר ווערטאג? פארוואס בין איך ערגער פון דער גאנצען וועלט, אנדערע מענשען טרעפט זיך ניסים, נאר מיר ניט! אנדערע מענשען האבען א בעגעגעניש, נאר איך נישט! איז אמאל געוועען א איש חסיד, א קבצן מיט א קבצענטע מיט פינף קליינע קבצנימלעך, געהט ער אין דער גאס אריין, קומט איהם א קעגען אליהו הנביא, נישט געקלאפּט, נישט געבלאזען, ווערד פון א קבצן איבער נאכט א מיליאנער, פארוואס טרעפט זיך מיר נישט אזא נס? דאכט זיך, אז איך בין אויך גוט און פרום, איז מיין איידעם עוריה ניט אזא חסיד אז אליהו הנביא זאל איהם בעגעגענען, האט ער איין אנדער בעגעגעניש, א נישט גוטער מיט א ווינשפינגעריל! געוואלט! פאר וואס האב איך אויך נישט אזא מין בעגעגעניש!? (שרייט) אליהו הנביא! אשמדי! גהנים! שמש! עה שדים! לצים! נישט גוטע! ווי זענט איהר ערגיץ! בעווייזט אייך עמיצער אויך מיר! איך האב א נשמה צו פערקויפען! איז דען מיין נשמה פון קלאמקשע?... ניין ווייס איך וואס? מען זעהט ניט און מען הערט ניט, איי איי נישטא קיין



סוחר אויף מיין נשמה! דאך וועט מיר מיין פּלאן געראטהען עס וועט במילא צו מיר אריינפאלען דאס גאנצע עשירות פון עוריה'ן!... פריהער מוז איך אבער שלומיאלען פאר מיין פּלאן געווינען... א... דער נאר איז דער איינציגער, דורך וועלכען איך קען מיין פּלאן אויספיהרען, יא דארט געהט ער!

(אויפטריט שלומיאל מיט א ארבייטס-טלימיק אויף די פלייצעס, און א ווידלע.)

**צדוק:** שלומיאל, וועהסטו ניט ווער ס'איז צו דיר געקומען!

**שלומיאל:** אה! פעטער צדוק? א גאסט, זייט איך האב אבגענומען ביי דיר די גאנצע ירושה, ביזטו היינט צום ערשטען מאל ביי מיר אין מיין הויז.

**צדוק:** ביזט אודאי ברוגז אויף מיר, וואס איך האב דיר ביז אצינד ניט צוגעטיילט דעם כבוד מיט מיין בעזוך, אבער...

**שלומיאל:** חלילה! איך בין ניט ברוגז. איך בענק ניט נאך דיר!

**צדוק:** גאה! ביזט נאך אלץ א נאר, נאר וואס זעה איך? אה! די ארבייטס נאר? אהא! אנשפּארען א סארגען, וועהסטו אט דאס געפעלט מיר טאקע.

**שלומיאל:** ניין פעטער צדוק! דאס איז ניט פאר קארגשאפט, איך בין ניט געראטען אין דיר, זייט איך בין דא בעל הבית, ארבייט איך גלייך מיט אלע, און אלע עסען גלייך מיט מיר, ניט אזוי ווי ס'איז געווען, ווען די ביזט געוועזען בעל הבית, ניט איצט געראכט!

**צדוק:** נא, נא, דער נאר האט זיך שוין אין דיר צורעדט! הער מיך אויס שלומיאל! איך האב מיט דיר עפּים צו רעדען.

**שלומיאל:** איך האב קיין צייט ניט (וויל געהן)

**צדוק:** קום אהער איך וויל מיט דיר רעדען פון בת שבע.

**שלומיאל:** פון בת שבע? (ווארפט אוועק דעם טלימיק.) זיך פעטער צדוק.

**צדוק:** (זעצט זיך נעבען איהם.) א יא!

**שלומיאל:** ערצעהל פעטער צדוק.

**צדוק:** ווי איך זעה האסטו נאך אלץ ניט פערגעסען בת שבע? א יא? דו האסט זי נאך אלץ ליעב, א יא?

**שלומיאל:** ווי א שוועסטער.

צדוק: נַיין שְׁלוּמִיאֵל, דוּ וֶועסְט מִיךְ נִיט נַארֶען, דוּ הָאסְט זַי לִיעָב אָבֶּער נִיט וִוי אַ שְׁוֶועסְטֶער.

שלומיאל: וִוי אַ שְׁוֶועסְטֶער.

צדוק: נַיין זָאג אִיךְ.

שלומיאל: יָא זָאג אִיךְ.

צדוק: נֶע, נֶע, שְׁלוּמִיאֵל, זָאג דֶעם אֱמֶת (שלומיאל נעמט דעם טלימיק וויל געהן.) קוּם אַהֶער שְׁנֶעון!

שלומיאל: וִוי אַ שְׁוֶועסְטֶער!

צדוק: וִוי אַ שְׁוֶועסְטֶער.

שלומיאל: דֶערְצֶעהל וַוייטֶער (ווארפט אלעס אוועק זעצט זיך.)

צדוק: דוּ בִּיזְט דָאךְ שׁוין פִיעל מָאל גֶעוֶועזֶען אִין עֲזַרְיָה׳ס רַייכֶען פַּאלַאסְט?

שלומיאל: אִיךְ בִּין גֶעוֶועזֶען.

צדוק: נָא? וָואס זָאגְסְטוּ צוּ דֶעם עֲשִׁירוּת? וָואס זָאגְסְטוּ צוּ דֶעם גָאלְד? צוּ דִי דִיאַמַאנְטֶען, צוּ דִי בְּרִילַאנְטֶען, וָואס זָאגְסְטוּ?

שלומיאל: גָאר נִישְׁט.

צדוק: גָאר נִישְׁט? גָאר נִישְׁט זָאגְסְטוּ?

שלומיאל: וָואס דֶען זָאל אִיךְ זָאגֶען?

צדוק: זָאגֶען? זָאגֶען אִיז נָאךְ אַלְץ נִישְׁט גֶענוּג, מֶען זָאגְט, מֶען דֶענְקְט מֶען טְרַאכְט, מֶען רוּהט נִישְׁט, מֶען שְׁלָאפְט נִישְׁט אוּן מֶען הֶערְט גָאר נִישְׁט אוֹיף טָאג אוּן נַאכְט זִיךְ אַלֵיין צוּ פְרֶעגֶען דִי אֵיינֶע שְׁאֵלָה, פַאר וָואס זָאל עֲזַרְיָה זַיין אַזַא עוֹשֶׁר אוּן אִיךְ נִישְׁט? פַאר וָואס נִישְׁט פֶערְקֶעהְרְט?

שלומיאל: אוּן אַז עֶס וֶועט פֶערְקֶעהְרְט, וֶועט דָאךְ עֲזַרְיָה פְרֶעגֶען דִי זֶעלְבֶּע שְׁאֵלָה.

צדוק: וָואס אַרְט עֶס דִיךְ אַז אַנְ׳אַנְדֶערֶער וֶועט פְרֶעגֶען?

שלומיאל: אוּן וָואס אַרְט עֶס דִיךְ, אַז אִיךְ וִויל אִיבֶּערְהוֹיפְּט גָאר נִישְׁט פְרֶעגֶען?

צדוק: חֲמוֹר, שׁוֹטֶה, טִיפּוּשׁ!



שלומיאל: אַ גוּטֶען טָאג פֶעטֶער צָדוֹק. (וויל געהן.)

צדוק: קוּם אַהֶער, ווִילְסְט נִישְׁט הֶערֶען פוּן בַּת שֶׁבַע׳ן.

שלומיאל: דֶערְצֶעהלְ׳זֶשֶׁע מִיר טַאקֶע פוּן בַּת שֶׁבַע׳לֶען, נוּר פֶערְקְרִיךְ נִישְׁט צוּ אַלְדֶע רוּחוֹת!

צדוק: פֶערְשְׁטֶעהְסְטוּ מִיךְ מַיין קִינְד, אֵיינְס מִיט דֶעם אַנְדֶערֶען אִיז גֶע־קְנִיפְּט אוּן גֶעבּוּנְדֶען. שְׁלוּמִיאֵלִ׳יקֶעל, מַיין לִיעבּ קִינְד, דוּ וַוייסְט דָאךְ גַאנְץ גוּט, וִוי גֶעטְרַייא אוּן לִיעבּ אִיךְ בִּין צוּ דִיר פוּן שְׁטֶענְדִיג אָן גֶעוֶועזֶען.

שלומיאל: (קוקט איהם אן.) אוּי וֶועה...

צדוק: בִּין אִיךְ נִישְׁט גֶעוֶועזֶען צוּ דִיר וִוי אַ אֵייגֶענֶער פָאטֶער?

שלומיאל: אוּי, אַזַא מַזָל אוֹיף אַלֶע מַיינֶע שׂוֹנְאִים אוּן אוֹיף דַיינֶע גוּטֶע פְרַיינְד!

צדוק: הָאבּ אִיךְ דִיךְ נִישְׁט גֶעמַאכְט פַאר בַּעַל הַבַּיִת? הָאבּ אִיךְ דִיר נִישְׁט אַלְכְּדִינְג אָבְּגֶעגֶעבֶּען?

שלומיאל: וַוייל דוּ הָאסְט קַיין אַנְדֶערֶע בְּרֵירָה נִישְׁט גֶעהַאט.

צדוק: נוּ ווִילְסְטוּ זֶעהֶן מַיין גֶעטְרַיישַׁאפְט צוּ דִיר?

שלומיאל: אַדְרַבָּה, בֶּעוַוייז עֶס מִיר.

צדוק: שְׁלוּמִיאֵל! אֱמֶת, אַז בַּת שֶׁבַע הָאט דָאךְ אַ מָאל גֶעוָואלְט וֶוערֶען דַיין פְרוֹי?

שלומיאל: נוּ, יָא...

צדוק: אָט הָאסְטוּ מַיין הַאנְד, אַז בַּת שֶׁבַע זָאל וֶוערֶען דַיין פְרוֹי.

שלומיאל: (וויל אוועק געהן.)

צדוק: אַנְטְלוֹיף נִישְׁט! מַיין נִישְׁט, אַז אִיךְ בִּין מְשׁוּגָע גֶעוָוארֶען. דוּ הָאסְט דָאךְ [illegible] וִוי עֶר הָאט נֶעכְטֶען פַאנְטַאזִירְט פוּן אַ טַייפֶעל מִיט אַ גֵיהִנָם?

שלומאיר: נוּ, וָואס׳זֶשֶׁע אִיז דַאפוּן?

צדוק: עֲזַרְיָה אִיז אַ מְכַשֵׁף, אַ רָשָׁע, אַ מֶערְדֶער, אַ גַזְלָן. הֶעלְף מִיר אַרוֹיס רַאטֶעוֶוען מַיין קִינְד פוּן זַיינֶע מֶערְדֶערִישֶׁע הֶענְד. וּבִעַרְתָּ אֶת הָרַע

מקרביך, זאגט די היילינגע תורה! שלומיאל, אויף אונז ביידע איז געפאלען דער גורל די גרויסע מצוה מקיים צו זיין און איצט איז די בעסטע געלעגענהייט דאצו.

**שלומיאל:** וואס מיינסטו דען?

**צדוק:** ער געהט ארום ווי משוגע, און ווען מען זאל איהם, למשל, געפונען טויט, וועט מען נישט אנדערש קלעהרען נור, אז ער האט זיך אליין דאס לעבען גענומען. נו, האסטו מיך נור מיין קינד ריכטיג פער-שטאנען?

**שלומיאל:** וואס דען, איך האב נישט פערשטאנען?

**צדוק:** און דערפאר וועלען מיר האבען נישט בלויז עולם הבא, נור אויך א שטיק עולם הזה...

**שלומיאל:** ווי אזוי דען?

**צדוק:** מיר טיילען זיך ביידע איין מיט דער ירושה. נור אויב דו קוקסט נישט ארום אויף דעם ביסעל פערמעגען, אזוי וועל איך עס אליין צונעהמען און דו בעקומסט דערפאר בת שבע'ן פאר א פרוי! דו הערסט שלומיאל?

**שלומיאל:** וואס דען איך הער נישט?

**צדוק:** נו, ווייסטו שוין וואס דו דארפסט צו טהון?

**שלומיאל:** וואס דען איך וויים נישט?

**צדוק:** נו, וואס?

**שלומיאל:** אט וועל איך דיר באלד ווייזען...

**צדוק:** נו וואס?

**שלומיאל:** למשל, דו ביזט עוריה און דו געהסט ארום צעטראגען, קום איך אן פון הינטען און גיב דיך אזוי א מארדעווע צו דער ערד.
(ווארפט איהם א ניעדער.)

**צדוק:** שלומיאל!

**שלומיאל:** (טרעט איהם.) ניין פעטער צדוק, איך מיין דאך נישט דיך, נור עוריה'ן.



**צדוק:** לאז מיך אויפשטעהן!

**שלומיאל:** אבער פעטער צדוק, איך וויל דיר ווייזען, אז איך וייס וואס איך האב צו טון.

**צדוק:** אבער, לאז מיך אב.

**שלומיאל:** און כדי דו זאלסט נישט אנטלויפען, נעם איך די ווידלע און טהו אזוי. (שטעקט אויף די ווידלע אויפ'ן האלז.) דערנאך נעם איך אזוי און טהו אזוי, (נעמט א שטריק און שלאגט איהם.) רשע! אין גהינם אריין! דארט איז דיין פלאץ! עס איז גוט אזוי, פעטער צדוק?

**צדוק:** גוואלד, דו דערהרג'עסט דאך מיך!

**שלומיאל:** וואס'זשע ארט עס דיך? איך מיין דאך איהם, דעם מכשף, דעם גזלן, דעם רוצח, עוריה'ן, עס איז גוט געווען אזוי פעטער צדוק?

**צדוק:** גוואלד מענשען, ראטעוועט מיך!

**שלומיאל:** אומקומען מוז אזא איינער!

**צדוק:** פאר וואס קומט מיר דאס?

**שלומיאל:** פאר א שטיק עולם הבא...

**צדוק:** מענשען ראטעוועט!

(אויפטריט בנימין, אבנר און אסתר.)

**ארע:** וואס איז דאס? ביזטו פערריקט? לאז איהם אב!

**שלומיאל:** וואס געהט עס אייך אן? ער קעהר זיך עפעס אן מיט אייך? ס'איז מיין פעטער צדוק! (שלאגט איהם.) מיין פעטער צדוק! (מען בעפרייט איהם)

**אבנר:** פאר וואס איז דאס געשעהן?

**צדוק:** (האלט זיך ביי די זייטען.) אוי, אוי, פאר ברויט גיעט מען שטענדיג אב שטיינער. איך האב איהם געמאכט פאר א מענש, איצט איז ער מיך בעפאלען. אוי, אוי...

**שלומיאל:** פעטער צדוק! (ער וויל צו לויפען, מען האלט איהם צוריק.)

**צדוק:** האלט איהם! האלט איהם! (ער אנטלויפט.)

**אבנר:** איז עס אמת וואס דער פעטער צדוק האט דא איצט פאר אונז געזאגט?

**אסתר:** ניין, דארויף קען איך שווערען, ווייל מיט דעם אלטען האב איך שוין א מאל געהאט צו טהון.

(אויפטריט בת שבע און למך.)

**בת שבע:** נו, האט איהר איהם אין ערגיץ געזעהן? איהר שווייגט? האט דען קיינער פון אייך נישט געזעהן מיין אומגליקליכען עזריה'ן? וואו אהין איז ער דען פערשוואונדען?

**שלומיאל:** עזריה'ן מיינסטו?

**בת שבע:** נו, נו?

**שלומיאל:** ער איז דא!

**בת שבע:** וואו?

**שלומיאל:** ערגיץ דרעהט ער זיך ארום ווי צו טראגען.

**בת שבע:** האסטו איהם געזעהן?

**שלומיאל:** איך נישט.

**בת שבע:** א וועה! מענשען העלפט מיר, גיעט מיר א עצה רעטעט מיין אומגליקליכען מאן!

**אסתר:** דאס איינציגע מיטעל איהם צו ראטעווען איז נור ווען עמיצער זאל ביי איהם ועלען אויסלעזען פאר 1 פרוטה דאס פערשאלטענע וינשפינגערל.

**בת שבע:** ווי אזוי, ערקלעהר עס מיר?

**בנימין:** איצט קען מען עס ביי איהם אבקויפען נור פאר איין פרוטה און ווער עס קויפט דאס איצט, דער בלייבט דאפון דער לעצטער בעזיצער און וועט זיך דאפון קיינמאל נישט קענען בעפרייען. ווער אלזא, וועט דאס טהון?

**בת שבע:** ווער פרעגט איהר? איך!

**אלע:** דו גאר?



**למך:** אונמעגליך! איבערלעג דיר דאך!

**בת שבע:** וואס איבערלעגען? מיין געליעבטען צו ראטעווען זאל איך מיר ערשט איבערלעגען?

**אבנר:** אבער פאר וועלכען פרייז?

**בת שבע:** האט ער דען נישט דעמזעלבען פרייז בעצאהלט פאר מיר? קום למך!

**למך:** בת שבע! דו ביזט אויף מיינע הענד אויפגעוואקסען, פערלאנג פון מיר מיין לעבען און איך וועל עס דיר גערן אפפערן!

**אבנר:** איבערלעג דיר עס! מיט דיין איינענעם ווילען ווילסטו דיך אין א אבגרונד שטירצען?

**אסתר:** ניין, ניין, בת שבע! האב רחמנות אויף דיין יונג לעבען און טהו עס נישט.

**בת שבע:** לאזט מיך! נו, וויל קיינער מיט מיר נישט געהן? שלומיאל, דו האסט דאך מיך ליעב?

**שלומיאל:** ווי א שוועסטער!

**בת שבע:** וועסטו געהן מיט מיר.

**שלומיאל:** אפילו אין דער ערד אריין!

**בת שבע:** קום! (ביידע אב.)

**אבנר:** זעהט קינדער! וואס א פרוי איז אומשטאנד צו טהון אום ליבע!

**אסתר:** אהא! זעהט איהר שוין ווי מיר פרויען ליעבען? אבער, אוי איהר מענער! ווי אפט ווערד פון אייך אזא ליעבע מיט אייערע פיס געטרעטען?

**בנימין:** זעהט נור די אלטע נשמה! אבנר, אלטער קאמעראד, דו ביזט דאך שוין א מאל געוועהן פערהייראט, איז דאס ריכטיג וואס מיין אסתר בעהויפטעט?

**אבנר:** וואס?

**בנימין:** זענען מיר מענער ווירקליך אזא לומפענגעזינדעל?

**אבנר:** ליידער, זעהר אפט.

**אסתר:** אהא!

**בנימין:** אסתר׳ל. פאר מיר האסטו נישט. גלויב מיר, וואס מורא צו האבען.

**אסתר:** אזוי גאר. איז אונזער פריינד אבנר. שוין געוועזען א מאהל פערהייראטעט.

**אבנר:** שוין מעהר אלס 20 יאהר. זייט איך האב פערלוירען מיין פרוי און קינד. און נאך איז מיין וואונד נישט פערהיילט. איבערהויפט זייט איך האב בת שבע׳ן דערקענט. (למך ציטערט.)

**אלע:** בת שבע?

**אבנר:** דורך איהר מערקווירדיגער עהנליכקייט צו מיין גאטזעליגער פרוי, וואלט איך נישט געוואוסט. אז זי איז צדוק׳ס טאכטער. ביי גאט, איך וואלט געקענט מיט זיכערהייט שווערען. אז זי איז מיין פערלוירען קינד.

**למך:** אבנר! בת שבע איז נישט צדוק׳ס טאכטער!

**אלע:** וואס הערען מיר?

**אבנר:** וואס האסטו געזאגט? מאכסטו חוזק? ניין, דו ציטערסט! איז עס אמת? רעדט!

**אלע:** דערצעהל. דערצעהל!

**למך:** צוריק מיט צוואנציג יאהר, ווענען אויף אונז פלוצים אנגעפאלען די ווילדע עמונים.

**אבנר:** ריכטיג, נו ווייטער!

**למך:** אונטער די יעניגע וואס ווענען געבליעבען לעבען, האט זיך געפונען א יונגע פרוי מיט א מיידעלע פון קוים עטליכע חדשים.

**אבנר:** נו, נו, ווייטער!

**למך:** די פרוי איז באלד געשטארבען און דאס קינד האב איך גענומען אונטער מיין שוץ. ווען איך בין אהער געקומען, האב איך צדוק׳ס פרוי געטראפען אין א פערצווייפעלטער לאגע. דען אומגליקליכער ווייזע האט זי דערשטיקט איהר קינד און אוים מורא פאר צדוק׳ן



האט זי ביי מיר פערלאנגט דאס קליינע יתומה׳לע, כדי עס צו ערציהען אלס איהר קינד.

**אבנר:** נו, האסטו עס געגעבען?

**למך:** איך האב איהר געגעבען דאס קינד און בין שוין דא פערבליעבען אלס דיענער. דעם סוד האב איך נאך קיינעם נישט ענטדעקט, אפילו צדוק מיט בת שבע׳ן ווייסען נאך אויך נישט דעם ריינעם אמת.

**אבנר:** און יענע פרוי, בת שבע׳ס מוטער, האט דיר גאר נישט געזאגט וועגען איהר מאן?

**למך:** אבנר האט איהר מאן געהייסען און ער איז דעמולט געוועהן אויף דעם שלאכטפעלד.

**אבנר:** גרויסער גאט! האט זי נישט געהייסען מרים?

**למך:** יא אבנר, ביי גאט! דו ביזט בת שבע׳ס פאטער.

**אבנר:** בת שבע איז מיין קינד! און עבען ערשט איז זי געלאפען כדי זיך צו שטירצען אין אונגליק. אויף מיינע פריינדע! קומט העלפט מיר צו רעטען מיין קינד! (אב מיט למך.)

**אסתר:** אך מיין גאט! מיין גאט!

**בנימין:** וואס איז שוין ווידער נייעס?

**אסתר:** די געשיכטע האט מיר מיין הערץ צעבראכען.

**בנימין:** ווען יעדע געשיכטע וועט דיר צעברעכען דיין הערץ, וועסטו נאך צו פריה ווערען א שברי כלי. דאס ערלויב איך נישט! ביזטו מיין כלה מוזטו אויך העלדענמוטהיג אויפטרעטען. (שטעלט זיך נעבען איהר) דעם קאפ אין דער הויך! די פלייצעם גלייך! די ברוסט ארויס! רעכטס אום מארש!

**ביידע:** טראטאטא פלאם... (ביידע אב.)

(אויפטריט עזריה ניעדערגעשלאגען.)

**עזריה:** אך! אומזיסט האב איך געחלומ׳ט פון א גארדענער צוקונפט, רייכטום האב איך געזוכט אבער איך בין נור געוועהן בעטראגען.

וועז איך האב ערוואכט, האב איך דערזעהן אז אלעדינג איז נאר
א חלום.

(אויפטריט שלומיאל, זוכט.)

**שלומיאל:** (דערזעהט איהם.) אוי!

**עזריה:** וואס ווילסטו?

**שלומיאל:** אבער ביזטו א חכם פון דער מה נשתנה! פאר וואס ביזטו
פריהער נישט געקומען אהער? וואלט איך דיך פערשפארט צו
זוכען.

**עזריה:** צו וואס זוכסטו מיך?

**שלומיאל:** ווענען א געשעפט. (עזריה וויל אוועק) אנטלויף נישט, קודם הער
וואס פאר א געשעפט, אזוי וועסטו מיך שוין נישט וועלען אב-
לאזען.

**עזריה:** וואס ווילסטו?

**שלומיאל:** איך בין א שליח פון א... מאנספערשוין, ער וויל ביי דיר
אבקויפען אזא זאך, פון וועלכער דו ווילסט אויף אייביג פטור
ווערען.

**עזריה:** וואס האסטו געזאגט?

**שלומיאל:** אהא! איצט לאז דו מיך נישט אב.

**עזריה:** ווער האט דיך צו מיר געשיקט?

**שלומיאל:** א מאנספערשוין, דארט שטעהט ער און ערווארטעט פון מיר
א תשובה.

**עזריה:** רוף איהם אהער!

**שלומיאל:** (רופט) מאנספערשוין!

(אויפטריט בת שבע אלס וואנדערער.)

**עזריה:** ניין! איך וואג איהם אפילו נישט צו קוקען אין פנים אריין. אבער
וואס צעגער איך? איך מוז גערעטעט ווערען! ווען נישט מיר צו-
ליעב, אזוי מוז דאס געשעהן צוליעב מיין בת שבען. יא, יא, עס מוז
געשעהן!



**שלומיאל:** איך מוז דיר אבער בעקאנט מאכען, אז דער דאזיגער מאנס-
פערשוין האט א טבע צו שאקלען מיט'ן קאפ און צו דרעהען
מיט די אויגען. קיין לשון וועסטו פון איהם בשום אופן נישט
הערען.

**עזריה:** ווי איך זעה ביזטו אן'ארימער וואנדערער!

**בת שבע:** (שאקעלט מיט'ן קאפ אויף יא.)

**עזריה:** דו ביזט געוואהר געווארען פון דעם צויבערמיטעל, וואס איך
בעזיץ און ביזט, ווי מען האט מיר געזאגט, געקומען דאס ביי מיר
אבקויפען.

**בת שבע:** (ווייזט איהם א פרוטה.)

**עזריה:** איין פרוטה! אבער ווייסטו, אז מיט דעם איצטיגען פרייז בלייבסטו
דער לעצטער בעזיצער דאפון?

**בת שבע:** (שאקעלט מיט קאפ אויף יא.)

**עזריה:** און אפשר וועסטו שפעטער גאר חרטה האבען דארויף, וואס דו
וועסט דאפון נישט קענען פטור ווערען און וועסט מיך בעשולדיגען
אז איך האב דיך אנגערעד?

**בת שבע:** (שאקעלט מיט'ן קאפ אויף ניין.)

**עזריה:** ביזטו דאצו ענטשלאסען?

**בת שבע:** (שאקעלט מיט'ן קאפ אויף יא.)

**עזריה:** גיב אהער די פרוטה!

**בת שבע:** (גיעט איהם די פרוטה.)

**עזריה:** אט דא האסטו דעם רינג.

(עס הערט זיך דונער און בליץ.)

**שלומיאל:** עושה מעשי בראשית:

(אויפטריט אבנר, למך, בנימין און אסתר.)

**אבנר:** אוועק פון איהר, דו עלענדער! וואג זי נישט צו בערידערען, ואנסט
טויט איך דיך אויפ'ן ארט!

**עזריה:** וואס בעדייטעט דאס? וואס ווילסטו?

**אבנר:** אִיךְ ווִיל רֶעטֶען מַיין קִינְד פוּן דַיין פֶערְדֶערְבְּלִיכֶער הַאנְד! אִיז עֶס אֶפְשָׁר שוין גֶעשֶׁעהֶן דָאס אוּמְגְלִיק? בִּין אִיךְ אֶפְשָׁר גֶעקוּמֶען שוין צוּ שְׁפֶּעט?

**עזריה:** עֶרְקְלֶעהר מִיר, וָואס ווִילְסְטוּ פוּן מִיר?

**אבנר:** אִיז שוין צְווִישֶׁען אַייךְ גֶעשְׁלָאסֶען גֶעוָוארֶען דֶער מִסְחָר וֶועגֶען דֶעם טַייפְלִישֶׁען צוֹיבֶּערְמִיטֶעל?

**עזריה:** אויב דוּ בִּיזְט גֶעקוּמֶען כְּדֵי דָאס צוּ פֶערְהִינְדֶערְן, אַזוֹי בִּיזְטוּ צוּ שְׁפֶּעט גֶעקוּמֶען.

**אבנר:** גָאט! מַיין קִינְד! מַיין טָאכְטֶער!

**עזריה:** טָאכְטֶער!

**אבנר:** וָועה פֶערְבְּרֶעכֶער, וֶוער עֶס הָאט דִיךְ אוֹיסְגֶעלֵייזְט אוּן וָועמֶען דוּ הָאסְט אוּמְגְלִיקְלִיךְ גֶעמַאכְט!

**עזריה:** בַּת שֶׁבַע! מַיין פְרוֹי!

**אבנר:** דַיין פְרוֹי אוּן מַיין טָאכְטֶער!

**עזריה:** וָואס הֶער אִיךְ?

**אבנר:** מַיין קִינְד, וָועלְכֶעס אִיךְ הָאבּ עֶרְשְׁט גֶעפוּנֶען אוּן ווִיעדֶער צוּרִיק פֶערְלוֹירֶען.

**עזריה:** בַּת שֶׁבַע! צוּ וָואס הָאסְטוּ דָאס גֶעטְהוּן?

**אבנר:** (ציהט זיין זעבעל.) דוּ זָאלְסְט עֶס מִיט דַיין לֶעבֶּען בֶּעצָאהלֶען! (ער וויל צו איהם צו.)

**בת שבע:** הַאלְט אַיין!

**עזריה:** יָא הַרְגֶ'ע מִיךְ אוּן אִיךְ וֶועל דִי הַאנְד קוּשֶׁען, וָועלְכֶע וֶועט מִיךְ טֶעדְטֶען.

**בת שבע:** וָואס גֶעהט דָא פָאר? אַבְנֵר... דוּ נָאר... נִישְׁט צָדוֹק? דוּ בִּיזְט מַיין פָאטֶער?

**למך:** יָא טַייעֶר קִינְד! דָא שְׁטֶעהט דַיין אֶמֶת'ר טַאטֶע. מִיר הָאבֶּען דָאס עֶרְשְׁט עֶנְטְדֶעקְט.

**אבנר:** אִיךְ בִּין דַיין פָאטֶער, וָועלְכֶער הָאבּ דִיךְ נָאךְ פוּן קִינְדְהַייט אָן



פֶערְלוֹירֶען אוּן עֶרְשְׁט הַיינְט, נָאךְ צְוָואנְצִיג יָאהר, הָאבּ אִיךְ דִיךְ ווִיעדֶער גֶעפוּנֶען.

**בת שבע:** אוּן בִּיזְט אַהֶער גֶעקוּמֶען מִיךְ צוּ רֶעטֶען? אַלְזָא, דוּ לִיעבְּסְט מִיךְ, יָא?

**אבנר:** אויבּ אִיךְ לִיעבּ דִיךְ? יֶעדֶען טְרָאפֶּען בְּלוּט מַיינְס וָואלְט אִיךְ מִיט דֶער גְרֶעסְטֶער פְרֵייד אַוֶועק גֶעגֶעבֶּען פַאר דַיין לֶעבֶּען אוּן פַאר דַיין גְלִיק.

**עזריה:** בַּת שֶׁבַע! דוּ הָאסְט דִיךְ פַאר מִיר גֶעאָפְּפֶערְט? צוּ וָואס הָאסְטוּ דאס געטהון?

**בת שבע:** בִּין אִיךְ מִיט דֶעם שְׁרִיט אַ פֶעהלֶער בֶּעגַאנְגֶען, אַזוֹי וֶועט מִיר גָאט מוֹחֵל זַיין, דֶען דַאצוּ הָאט מִיךְ גֶעטְרִיעבֶּען דִי רֵיינֶע אוּן הִימְלִישֶׁע לִיעבֶּע!

(אויפטריט צדוק.)

**צדוק:** לִיעבֶּע שְׁמִיעבֶּע! לִיעבֶּעגִ'יש אִיז דַיי אִיצְט אִין זִינֶען! וֶעהט וָואס פוּן מִיר אַיז גֶעוָוארֶען!

**אלע:** צָדוֹק?

**שלומיאל:** פֶּעטֶער צָדוֹק, מִיר דַאכְט זִיךְ, אַז דוּ בִּיזְט נָאר גֶעבִיךְ מְשׁוּגָע גֶעוָוארֶען.

**צדוק:** מְשׁוּגָע? נֵיין! מְשׁוּגָע בִּין אִיךְ גֶעוֶוען דֶעמוּלְט, וֶוען אִיךְ הָאבּ מַיין טָאכְטֶער אַוֶועק גֶעגֶעבֶּען צוּ אַזַא קַבְּצָן, צוּ אַזַא דַלוּת, צוּ אַזַא עָנִי וְאֶבְיוֹן.

**אלע:** וָואס?

**צדוק:** גֶעה, וָועה וָואס הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעלָאזְט פוּן דַיין גַאנְץ עֲשִׁירוּת! אַיין שְׁטַיין אִיז נִישְׁט גֶעבְּלִיעבֶּען אוֹיף דֶעם צְוַוייטֶען! וָועה! אַזַא בְּנְיָן, אזא פאלאסט!

**אלע:** וָואס אִיז גֶעשֶׁעהֶן?

**צדוק:** אַיינְגֶעפַאלֶען אִיז עֶר בִּיז צוּ דֶער עֶרְד. פוּן אַלֶעמֶען אִיז אַ תֵּל גֶע-וָוארֶען. אִיךְ הָאבּ מִיר מַיין לֶעבֶּען אַיינְגֶעשְׁטֶעלְט אוּן בִּין אַרַיין גֶעלָאפֶען, חָאטְשׁ עֶפֶּעס נָאלְדְוַוארְג אָבְצוּרַאטֶעוֶוען. אִיצְט קוּקְט

מִיךְ אָן, זָעהט וָואס פון מִיר אִיז גֶעוָוארֶען! מַיינֶע נַייֶע און שֶׁעהנֶע מַלְבּוּשִׁים זָענֶען אויף מִיר צֶערִיסֶען גֶעוָוארֶען, אָבֶּער אַלְסְדִינְג אִיז פֶערְבְּרֶענְט גֶעוָוארֶען.

**אלע:** וָואס הָערֶען מִיר?

**צדיק:** נוּ, וָואס שְׁטָעהט אִיהר? רַייסְט אַייךְ אוֹיס דִי הָאר פון דִי קָעפּ, וַוארְפְט אַייךְ צוּ דֶער עֶרְד. (ער טהוט עס.) רַייסְט קְרִיעָה און זִיצְט שִׁבְעָה! וָועה צוּ אַזַא בְּרָאךְ! אַזַא עֲשִׁירוּת, אַזֶעלְכֶע טַייעֶרֶע בְּרִי-לִיאַנְטֶען, וָועה! וָועה!

**למך:** יָא, צָדוֹק הָאט רֶעכְט! אִיהר דַארְפְט נִישְׁט בְּלַייבֶּען גְלַייכְגִילְטִיג. לָאמִיר זִיךְ פְרֵייעֶן.

**אלע:** וָואס מֵיינְסְטוּ דַאמִיט?

**למך:** דָאס וָואס אִיךְ הָאבּ פְרִיהֶער גֶעצְוַוייפֶעלְט, דָאס אִיז מִיר שׁוֹין אִיצְט זִיכֶער.

**אלע:** וָואס מֵיינְסְטוּ דַאמִיט?

**למך:** בַּת שֶׁבַע! זוּךְ אויף דַיינֶע פִינְגֶער, אֶפְשָׁר בֶּעזִיצְסְט נָאךְ דָאס טַייפְלִישֶׁע וִוינְשְׁפִינְגֶערְל?

**אלע:** (בעקוקען זי.) סְ'אִיז מֶעהר נִישְׁטָא!

**למך:** אַזוֹי דַאנְקְט גָאט פַאר אַייעֶר עֶרְלֶעזוּנְג.

**עזריה:** זָאל אִיךְ גְלַייבֶּען מַיינֶע אוֹיעֶרֶען? בַּת שֶׁבַע, דוּ רֵיינֶע נְשָׁמָה, דוּ בִּיזְט ווִיעדֶער מַיינֶע!

**בת שבע:** יָא, וָועה! אִיךְ קֶען דִיךְ פְרֵיי אוּמאַרְמֶען, עֲזַרְיָה מַיין גֶעלִיבְּטֶער, מַיין אַלֶעס!

**צדוק:** אַוֶועק פון אִיהר דוּ קַבְּצָן! דוּרְךְ דִיר הָאבּ אִיךְ אָנְגֶעווָאוירֶען אַזַא גָאלְדֶענֶעם שִׁידוּךְ. (ווייזט אויף שלומיאל'ן.)

**אלע:** וָואס הֵייסְט דָאס?

**צדוק:** קוּם מִיט מִיר, אִיךְ וָועל שׁוֹין זָעהן, וָואס אִיךְ הָאבּ צוּ טְהוּן. קוּם זָאג אִיךְ!

**אבנר:** אָבֶּער מַיין לִיעבֶּער צָדוֹק, אַ בִּיסֶעל רוּהִיגֶער און גֶעלַאסֶענֶער!



**צדוק:** וָואס? הָאבּ אִיךְ אֶפְשָׁר קֵיין רֶעכְט נִישְׁט אִיבֶּער מַיין אֵיינֶעגֶער טָאכְטֶער?

**אבנר:** אִיבֶּער דַיין אֵייגֶענֶער טָאכְטֶער הָאסְטוּ גֶעוִויס רֶעכְט, אָבֶּער נִישְׁט אִיבֶּער מַיין טָאכְטֶער!

**צדוק:** וָואס?

**בת שבע:** שִׁיץ מִיךְ, מַיין טַייעֶרֶער לִיעבֶּער פָאטֶער!

**צדוק:** וָואס אִיז דָאס? אַ טַאטֶע אָהן בּוֹיכְוֶועטָאג!

**אבנר:** דָאס בִּיזְטוּ גֶעוֶוען בִּיז אִיצְט. פְרֶעג נוּר וָועגֶען דֶעם, אוּנְזֶער אַלְטֶען לֶמֶךְ!

**למך:** אֶמֶת!

**צדוק:** גַזְלָנִים! רוֹצְחִים! אִיהר הָאט דָאךְ מִיךְ בֶּענוּמֶען פוּנ'ם קָאפּ בִּיז צוּ דִי פִּיס. דִי ירושה, דָאס פֶערְמֶעגֶען, דִי טָאכְטֶער, אַלְסְדִינְג הָאט מֶען מִיר צוּגֶענוּמֶען! עֲזַרְיָה, מַיין פְרֵיינְד, נֶעם דִיר מַיין טָאכְטֶער גֶעזוּנְדֶערְהֵייט!

**אלע:** וָואס?

**צדוק:** אִיךְ גִיבּ זִי דִיר אַוֶועק פוּנ'ם גַאנְצֶען הַארְצֶען, נוּר זָאג מִיר ווִי אִיז עֶרְגִיץ דֶער סוֹחֵר, וֶועלְכֶען דוּ הָאסְט דַיין נְשָׁמָה פֶערְקוֹיפְט. הֶע! סוֹחְרִים! קוֹיפְט אַ נְשָׁמָה! אִיךְ פֶערְקוֹיף זִי בִּילִיג, גָאר וָואלְוֶועל. אַ כָּשֶׁר'ע מְצִיאָה! (געהט אָב.)

**בת שבע:** טַאטֶע! עֲזַרְיָה! מִיר טְהוּט אויף אִיהם וֶועה דָאס הֶערְץ. עֶר הָאט דָאךְ פֶערְלוֹירֶען דֶעם פֶערְשְׁטַאנְד. אִיךְ בֶּעט אַייךְ, נֶעמְט אִיהם אִין שׁוּץ.

**שלומיאל:** אַ שֶׁעהנֶע און אַ רֵיינֶע כַּפָּרָה פַאר מִיר, פַאר דִיר און פַאר כָּל יִשְׂרָאֵל. אִיךְ הָאבּ אִיהם גֶעשְׁלָאגֶען דֶערְפַאר, וַוייל עֶר הָאט גֶעוָואלְט מִיט עֲזַרְיָה'ן שְׁלָאגֶען כַּפָּרוֹת און צוּנֶעהמֶען זַיין גַאנְץ פֶערְמֶעגֶען.

**אלע:** אִיז דָאס מֶעגְלִיךְ?

**אבנר:** נֶעמְט אַייךְ קִינְדֶער דַאפוּן אַרָאבּ אַ מוּסָר און זֶעהט, אַז נִישְׁט אִין

רייכטום בעשטעהט דאס גליק. „אל תהי רץ להעשיר״! זוך נישט
מיט געוואלד רייך צו ווערען, דען דאמיט פערקויפט איהר אייך
צום טייפעל.

**עזריה:** פערשוואונדען איז דער פאלשער גלאנץ, דערפאר איז אונז אבער
געבליעבען די ליעבע. וועהט מענשען, ווי שטארק און מעכטיג עם
איז די ליעבע פון א געטריי ווייב. אשת חיל מי ימצא ורחוק
מפנינים מכרה!

**ארע:** אוועק פון אונז, דער פאלשער גלאנץ און פראכט,
אוועק די קללה פון דער טייפלישער מאכט,
פערשוואונדען זענען די וואלקען,
זענען די וואלקען די טריעבע,
געבליעבען איז אונז די הימלישע ליעבע,
יא, די ליעבע, די ריינע הימלישע ליעבע.





## פערוואנדלונג.

(גהינם, טייפעל און צדוק טאנצען.)

**קאהר:** אשת חיל מי ימצא,
ורחוק מפנינים מכרה.

(צדוק און טייפעל פערשוואונדען.)



## פערוואנדלונג.

(הימעל, פערשיעדענע בילדער מיט אויפשריפטען: „אל תהי רץ להעשיר״ און „אשת חיל
מי ימצא.)

**קאהר:** א פריעדענסענגעל איז נור זי,
א פרוי, איהרע אויגען פערלען ווי
הימלישע טהוי, יא איין אשת חיל,
איז טייערער פון אלע שעצע און געלד
זי איז דאס זיסטע אויף דער וועלט.

## פארהאנג פאלט.

### ענדע



## פערשיעדענע.

| | K | h |
|---|---|---|
| אַננא קאַרענינא | — | 70 |
| אוריאל אקאסטא, לערנער | — | 60 |
| אבאלע אשכנזי | — | 70 |
| אידישער פריץ שמ"ר | — | 50 |
| אייזיק שעפטיל, פינסקי | — | 80 |
| אייבינער יוד, הייערמאן | — | 20 |
| אלנעטיינער שטרייק, שטיפט | — | 50 |
| ארבייט און קאפיטאל | — | 60 |
| איטשע מאיר צו די וואהלען | — | 20 |
| אייבינע ליעד, אַרנשטיין | — | 40 |
| בר כוכבא, גאָלדפאַדען | — | 60 |
| באַבע מיט'ן איניקעל | — | 60 |
| בחורים, איין אַקטער, פון קאַצענעלזאָהן | — | 45 |
| בן הדור, הארוויטץ | — | 70 |
| בית דוד, " | — | 60 |
| בוסתנאי, אויערבאך | — | 60 |
| בת שבע, א דראמא אין 5 אקטען טהורש | — | 60 |
| נעבראכענע הערצער, ז. ליבין | — | 70 |
| גליק'ס פערגעסענע, פינסקי | — | 30 |
| ד"ר אַלמאָסאַדאָ גאלדפאדען | — | 60 |
| דעקאדענט איין-אַקטער, פון קאַנצענעלזאָהן | — | 45 |
| דאָרא, שליפערשטיין | — | 60 |
| דוד אין דער וויסטע, עפעלבערג | — | 60 |
| דאס ברענענדע הויז | — | 70 |
| דער דאָקטאָר, שלום עליכם | — | 30 |
| די יודען, טשירקאוו | — | 80 |
| די וועבער, הויפטמאן | — | 80 |
| דער שדכן, עפעלבערג | — | 30 |
| די עגונה, לערנער | — | 70 |
| דער הונגער, יושקעוויטש | — | 70 |
| די מוטער, שטיינבערג | — | 70 |
| דער גט, שלום עליכם | — | 30 |

| | K | h |
|---|---|---|
| ווילנער בעל הבית'ל ארנשטיין | 1 | — |
| זשידאָווקא, לערנער | — | 60 |
| זשאן און מאדלענא, מירבא | — | 70 |
| הפני ופנחס, שארקאווסקי | — | 70 |
| חנה'לע די נעהערין | — | 70 |
| טאטע מאמעס צרות פון נעבעל | — | 50 |
| ישיבה בחור, נארדאן | — | 70 |
| יודישע אקטיארען אויף רייזע | — | 45 |
| כישוף-מאכערין, גאָלדפאַדען | — | 60 |
| כל נדרי, שארקאנסקי | — | 70 |
| א מענש זאל מען זיין שור | — | 70 |
| לעצטע השמונאים וואהלמאן | — | 70 |
| מאטי מלך דער סטאליער דראַמע פון קאָרנבליט | — | 70 |
| משה חיט, ריכטער | — | 60 |
| מזל טוב, שלום עליכם | — | 30 |
| משיח'ס צייטען, גאָלדפאַדען | — | 60 |
| נאכן שטרייק, טשורני | — | 45 |
| עקידת יצחק גאָלדפאַדען | — | 60 |
| עתליהו, הארוויטץ | — | 50 |
| עזריה גבור חיל | — | 70 |
| פאר טאג, ווייטער | — | 50 |
| צווייעט און צושפרייט, שלום עליכם | — | 80 |
| צווייטער המן, שמ"ר | — | 70 |
| קאספער, וויסענבערג | 1 | — |
| קאָקעטטע דאמען, שמ"ר | — | 60 |
| קעניג אחשורוש גאָלדפאדען | — | 60 |
| קעניג הורדוס, לאנדוי | — | 70 |
| קבצענזאָהן עט הונגערמאנן | — | 60 |
| קוני לעמעל, גאָלדפאַדען | — | 60 |
| רעפעטיציע, רייזען | — | 20 |
| רות, א דראמא אין 5 אקטען, טהורש | — | 60 |
| שושנה, א דראמא אין 5 אקטען, טהורש | — | 60 |

## BUCHHANDLUNG AMKRAUT & FREUND, PRZEMYŚL.

| | K | h |
|---|---|---|
| שמענדריק, גאָלדפאַדען | — | 40 |
| שמע ישראל, דימאוו | — | 70 |
| שבת קודש, פיינמאן | — | 70 |
| שטן אין גן עדן | — | 70 |
| על נהרות בבל | — | 70 |

| | K | h |
|---|---|---|
| בערעק יאָסעלאָוויטש | — | 70 |
| גאַברי און די פרויען, פינסקי | 1 | — |
| מיט זיעגער פאהנען, פינסקי | — | 60 |
| יענקעל דער שמיעד פינסקי | 1 | 40 |
| יודישע נשמה | — | 70 |

## אויסצוג פון אונזער הויפטקאַטאלאג איבער
# די נייעסטע זשארגאָן ליטעראטור

(פרייזע : קראָנען און העללער)

### יובילעאום׳ס אויסגאבע.

| | K | h |
|---|---|---|
| שלום עליכם׳ס נייעסטע ווערקע | | |
| דריי בענדע | 6 | — |
| י. ל. פרץ׳ס נייעסטע ווערקע | | |
| צוויי בענדע | 5 | — |
| א. רייזען׳ס נייעסטע ווערקע | | |
| דריי בענדע | 8 | 50 |
| שפעקטאָר׳ס שריפטען | | |
| צוויי בענדע | 5 | — |
| שלום אש, יונגענד | 1 | 50 |
| „ „ אַ שטעדטיל | 1 | 80 |
| „ „ ערצעהלונגען . | | |
| „ „ מאָטיווען | | |
| פינסקי, זשאַרגאָן פרעמד-ווערטערבוך | 2 | 50 |
| גראָטץ יודישע געשיכטע | 7 | 50 |
| דינענזאָן׳ס וועלט געשיכטע | | |
| 4 טייל | 5 | — |
| „ הערשאַלע ראָמאַן | 1 | 20 |
| „ יאָסעלע „ | 1 | — |
| „ אבן נגף „ | 2 | — |
| א. רייזען, קונסט און לעבען | | |
| 3 טייל | 2 | — |
| „ „ ליעדער פון לעבען | 1 | 25 |
| „ „ צייט ליעדער | — | 60 |

### שלום עליכם׳ס ווערקע
(אויסגאבע אין העפטען)

| | K | h |
|---|---|---|
| פונ׳ם פריזיוו, מאָנאָלאָג | — | 15 |

| | K | h |
|---|---|---|
| פעטער פיני מיט דער מומע רייזע | — | 15 |
| פישל דער מלמד | — | 20 |
| גימנאזיע | — | 15 |
| פערשפיעלטער ל ג בעומר | — | 15 |
| גרינס אויף שבועות | — | 15 |
| דאס טעפיל | — | 15 |
| באַשערט א אומגליק | — | 15 |
| האָדל (טוביה מילכיגער) | — | 30 |
| אנ׳עצה | — | 20 |
| ביים דאָקטאר | — | 15 |
| א גרינגער תענית | — | 15 |
| געציל, אַ מעשה מיט גים | — | 15 |
| א מלך מיט צוויי מלכות | — | 15 |
| כפרות-שטרייק | — | 15 |

### שלום עליכם׳ס נייע ביבליאָטעק.

| | K | h |
|---|---|---|
| פעסאלע דעם רבי׳נס | — | 15 |
| פינף און זיעבציג טויזענד | — | 45 |
| אלמנה נומר 1 | — | 15 |
| „ „ 2 | — | 15 |
| „ „ 3 | — | 15 |
| דער דייטש | — | 15 |
| א ווינרישנער בילעט | — | 45 |
| שמואליק | — | 15 |
| יוסף דער דזענטעלמאן | — | 30 |
| שפרינצע | — | 15 |
| די יורשים | — | 15 |
| מיט׳ן עטאַפ | — | 45 |